# חנה'לע די נעהערין

לעבענסבילד
אין 4 אקטעז
פֿאָן
ז. פיינמאַנן.



AMKRAUT & FREUND
Buchhandlung
PRZEMYŚL
1909.

נייעסטער

# טהעאטער־קאטאלאג

פון אמקרויט עט פריינד, פשעמישל.

| | K | h |
|---|---|---|
| **יעקב גארדין׳ס דראמען.** | | |
| דער אמת | — | 70 |
| דער מטורף | — | 70 |
| שעה׳נע מרים | — | 70 |
| די שחיטה | — | 70 |
| נאָט, מענש אונד טייפעל | — | 70 |
| האשע די יתומה | — | 70 |
| מירעלע אֶפרת | — | 90 |
| ווילדער מענש | — | 70 |
| דבורהלע מיוחסת | — | 70 |
| יודישער קעניג ליער | — | 70 |
| קרייצער סאָנאַטע | — | 70 |
| געברידער לוריע | — | 70 |
| סאַפּהאָ | — | 70 |
| אלישע בן אבויה | — | 70 |
| דער אונבעקאנטער | — | 70 |
| **יאזעף לאטיינער׳ס ווערקע.** | | |
| יודאלע אדער אמת ושכר | — | 70 |
| עזרא דער עוויגער יודע | — | 70 |
| די סדר נאכט | — | 70 |
| דוד׳ס פידאלע | — | 60 |
| בלימאלע | — | 60 |
| הרבן ירושלים | — | 70 |
| חינקע פינקע | — | 70 |
| שרה שיינדעל | — | 70 |
| מאמאָן דער געלדגאָטט | — | 60 |

| | K | h |
|---|---|---|
| שלמה גאָרגעל | — | 70 |
| **פרץ הירשביין׳ס דראמען.** | | |
| אינטעליגענט | — | 70 |
| איינזאַמע וועלטען | — | 70 |
| דער תקיעת כף | — | 70 |
| דעמערונג | — | 50 |
| די נבלה | — | 40 |
| די ערד | — | 70 |
| ווייטע און נאָענטע | — | 35 |
| קברים בלומען | — | 60 |
| **פערשיעדענע.** | | |
| אַננא קאַרענינא | — | 70 |
| אוריאל אקאסטא, לערנער | — | 60 |
| אבאלע אשכנזי | — | 70 |
| אידישער פריץ שמ״ר | — | 50 |
| אייזיק שעפטיל, פינסקי | — | 80 |
| אייביגער יוד, הייערמאן | — | 20 |
| אלגעמיינער שטרייק שטיפט | — | 50 |
| ארבייט און קאפּיטאל | — | 60 |
| איטשה מאיר צו די וואהלען | — | 20 |
| אייביגע ליעד, אַרנשטיין | — | 40 |
| בר כוכבא, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| באַבע מיט דעם אייניקעל | — | 60 |
| בן הדור, הארוויטץ | — | 70 |
| בית דוד, „ | — | 60 |
| בוסתנאי, אויערבאך | — | 60 |
| באַנאַכט אויפ׳ן אַלטען מאַרק, י. ל. פרץ | 1 | — |
| בת ירושלים | — | 60 |



# עֶרְשְׁטֶער אַקְט.

(אַ שֵׁעהנער זאַאל ביי אייק ליליענטהאל, שעהן מעביל אראנזשירט, אויך איין פייער אויבען).

(ראזא זינגט אין די קוליסען, דער קאָהר אפלאָדירט זי, אויך אין די קוליסען).

**ראזא:** נָאר אֵיין קוּס וֶועלְכ׳ אֵיין גֶענוּס
דָאס פֶּערְבָּאטֶענֶע אִיז זִיס    } ביס
וִוי דִי פְּרִיכְטֶע אִין פַּארַאדִיעס.
וִוי גֶעשְׁמַאקְפָאל אִיז דִי לִיעבֶּע
זִי פֶּערְטְרַייבְּט אוּנְז שְׁטוּנְדֶען טְרִיעבֶּע,
נָאר אֵיין בְּלִיק פוּן זַיינֶע אויגֶען
זֶוענֶען אַלֶע שְׁמֶערְצֶען וֶועקְגֶעפְלוֹיגֶען,
זַיין גֶעזִיכְט נָאר וִוי גֶעמָאהלֶען
וֶוער קֶען דָאס בֶּעצָאהלֶען, נַיין נַיין נַיין, בֶּעצָאהלֶען
וִוי גֶעשְׁמַאקְפָאל א. ז. וו.

**קאהר:** נָאר אֵיין קוּס, א. ז. וו.

(אויפטריט ליליענטהאל, קאהן).

**ליליענטהאל:** הֶערְר קָאהן, אַייעֶר טָאכְטֶער זִינְגְט אויסְגֶעצֵייכֶענְט.

**קאהן:** וָואס דֶען גְלוֹיבֶּען זִי, מר. לִילִיעְנְטְהַאל, וֶוען מַיין טָאכְטֶער הָאט דָאס אוּנְגְלִיק גֶעהַאט אִיהר מוּטֶער נָאךְ אַלְס קִינְד צוּ פֶּערְלִיערֶען, הָאט זִי דֶען אִיהר פָאטֶער פֶּערְנַאכְלֶעסִיגְט? אָה! זִי אִיז אַיין פַיין קִינְד אוּן גוּט עֶרְצוֹיגֶען.

**ליליענטהאל:** הֶערְר קָאהן, עֶס אִיז אַייעֶר טָאכְטֶער?

כאהן: אָה איך הָאבּ גאַנץ פֶערגֶעסֶען אַז דער פָאטֶער הָאט קֵיין רֶעכְט נִישְׁט זַיין קִינְד צו לוֹיבֶּען.

ליליענטהאל: נון צור זאַכֶע! וֶעהט איהר, הֶערר קָאהן, איהר הָאט צו מיר אֵיין פְרֵיינְד מִיט אֵיין פְּרָאפָּאזִיצִיאָן גֶעשִׁיקְט, איך הָאבּ דֶערִיבֶּער נָאכְגֶעדֶענְקְט און זָעה אַיין, עֶס אִיז פַּאסֶענְד.

קאהן: אָה נו, מִיר גֶעפֶעלְט אויך דִי פַּארְטִיע, אָבֶער בַּיי דֶער יֶעצְטִיגֶע צַייט, מר. לִילִיענְטְהַאל, אִיז נִישְׁט גֶענִיגֶענְד וֶוען מִיר אַלֵיין וֶעגֶען צופְּרִיעדֶען, אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ וֶועגֶען אַיין עֶרְנְסְטֶער צוקוּנְפְט קֵיין וָוארְט נִישְׁט גֶערֶעדְט.

ליליענטהאל: הֶערְר קָאהן, עֶס אִיז גַאנְץ זִיכֶער דָאס אַייעֶר טָאכְטֶער בֶּעהַאלְט אִיהר נֵייגוּנְג צו מַיין אַרְנָאלְד, און וֶעט זִיךְ אויךְ נִישְׁט ווִידֶערְזֶעצֶען דֶעם ווִילֶען פוּן אִיהר פָאטֶער, אִיהר בְּרוּיכְט אִיהר נָאר דַאפָאן עֶטְוָואס צו זָאגֶען, און אִיהר וֶועט זֶעהן דָאס דִיזֶע נֵייגוּנְג וָואס דִי יֶעצְטִיגֶע וֶועלְט נֶענְט לִיעבֶּע, וֶועט זִיךְ זֶעלְבְּסְט אוֹיסְ-אַרְבֵּייטֶען, און דַאן גֶעשִׁיעהט עֶס נָאךְ דֶער פָאלְשְׁטֶענְדִיגֶען פָארְמַאלִיטֶעט ווִי עֶס דִי יוּגֶענְד פוּן אוּנְז פֶערלַאנְגְט.

כאהן: הֶער לִילִיעְנְטְהַאל, אִיהר רֶעדְט זֶעהר פְּרַאקְטִישׁ, דָאךְ דַארְף אִיךְ אַייךְ פְרֶעגֶען וָואס דֶענְקְט דֶערִיבֶּער אַרְנָאלְד? עֶר אִיז דָאךְ נִישְׁט אַזוֹי יוּנְג ווִי מַיין רָאזַא.

ליליענטהאל: אַרְנָאלְד? עֶר אִיז שׁוֹין אָלְרֵייט! (מען הערט לאכען).

כאהן: אַלְזָא אִיךְ גֶעה צוּריק צוּם אוּנְטֶערְהַאלְט, דִי פִינַאנְצִיֶעלֶע פֶערְהֶעלְטְנִיסֶע, גְלוֹיבֶּע אִיךְ, קֶענְט אִיהר דָאךְ? פוּן אִיהר גָאטְזֶעלִיגֶע מוּטֶער אִיז אִיהר גֶעבְּלִיבֶּען אֵיין פֶערְמֶעגֶען פוּן פִיערְצִיג טוֹיזֶענְד דָאלַאר אֵייגֶענְס פֶערְמֶעגֶען אוֹיף אִיהר נָאמֶען, נָאךְ דֶעם טֶעסְטַאמֶענְט בֶּעקוּמְט דֶער בְּרֵייטִיגַאם צְוָואנְצִיג טוֹיזֶענְד, אִין טָאג פוּן דֶער פֶערְלָאבּוּנְג, און דִי אַנְדֶערֶע צְוָואנְצִיג טוֹיזֶענְד אֵיין טָאג נָאךְ דֶער הָאכְצֵייט.

ליליענטהאל: שׁוֹין רֶעכְט, שׁוֹין רֶעכְט! (מען הערט לאכען)

כאהן: אָה מֶען אוּנְטֶערְהַאלְט זִיךְ הִיבְּשׁ! אַלְזָא אִיךְ גֶעה און ווִינְשֶׁע נָאךְ

הַייְנט מִיר דֶעם עֶנְטְשְׁלוּס פוּן דֶעם יוּנְגֶען קַאוַואלִיעֶר מִיטְצוּטֵיילֶען. אויפְ׳ס ווִיעדֶער זֶעהְן, אַדְיֶע! (אב).

**לִילִיענטהאל:** (אליין) מֵיין גָאט! וָואס טְהוּט מֶען, וָואס טְהוּט מֶען? דִיזֶע פַּארְטִיע וָועֶרע אָהן צְוֵייפֶעל אַ רֶעטוּנְג פַאר מִיר, זָאנְבְט מוּז דִי פִירְמַא לִילִיעֶנְטְהַאל עֶט ווּהן בַּאלְד צוּ גְרוּנְדֶע גֶעהְן, יָא, זְאנַאר בַּאנְקְרָאטִירֶען... בַּאנְקְרָאטִירֶען! וָואס פַאר אֵיין שְׁרֶעקְלִיךְ וָוארְט... צְוַואנְצִיג יָאהר הָאבּ אִיךְ מִיךְ דוּרְךְ עֶהרְלִיכְקֵייט אוּן פִּינְקְטְלִיכְקֵייט אִין דֶער גֶעשֶׁעפְטְסְוֶועלְט אויסְגֶעצֵייכֶענְט, אוּן יֶעצְט אוֹיף מַיינֶע עֶלְטֶערֶע יָאהרֶען אַזוֹי אַ שַׁאנְדֶע! צְוָואנְצִיג טוֹיזֶענְד דָאלַאר דָאס אִיז אַ שֶׁעהן פֶּערְמֶעגֶען, דָאס קָאן מִיךְ בֵּיינַאהֶע רֶעטֶען. אָבֶּער מַיין ווּהן עֶר ווִיל זִיךְ גָאר נִישְׁט לָאזֶען רֶעדֶען... עֶר אִיז פֶערְלִיעבְּט, פֶערְרִיקְט פֶערְצְוֵייפֶעלְט פֶערְלִיעבְּט, אִ׳ן ווֶעמֶען? אִין אֵיינֶע נֶעהֶערִין, אֵיין אויסְגֶעלַאסֶען אַרְבֵּייטְסְמֶעדְכֶען. אָה שְׁרֶעקְלִיךְ! אָבֶּער דָאס דַארְף נִישְׁט גֶעשֶׁעהְן, מֶען מוּז זִי אוֹיס זַיין הֶערְץ אַרוֹיסְרַייסֶען, מֶען מוּז אִיהם בָּעטְרִיעגֶען מֶען מוּז אוֹיף אִיהר אַלֶער אַרְט פֶערְלֵיימְדוּנְג אַרוֹיף וַוארְפֶען, אוּן דַאן וֶוען זַיין שְׁטָאלְץ אוּן עֶהרְגֵייץ וֶועלֶען זִיךְ בֶּעלֵיידִיגְט גֶעפִינֶען וֶועט עֶר זִיךְ פוּן אִיהר עֶנְטְזַאגֶען!

(אויפטריט דיענער).

**דיענער:** הֶערְר לִילִיעֶנְטְהַאל, אַנְ׳אַלְטֶער מַאן ווִינְשְׁט זִי צוּ שְׁפְּרֶעכֶען!

**לִילִיענטהאל:** לָאז אִיהם קוּמֶען (דיענער אב).

(אויפטריט לעווענזאהן).

**לִילִיענטהאל:** אָה גוּטֶען טַאג מר. לֶעוֶוענְזָאהן ווִי גֶעהְטְס? וָואס גִיבְּטְס נַייעס?

**לעווענזאהן:** נִישְׁטָא קֵיין נַייעס, לִיעבֶּער מר. לִילִיעֶנְטְהאל! אַז גָאט הֶעלְפְט אֵיינֶעם וָואס דֶערְלֶעבְּט אַזוֹי אַלְט צוּ וֶוערֶען ווִי אִיךְ, אוּן דַארְף זִיךְ נָאךְ זָארְגֶען בַּיי דִי יָאהרֶען טֶעגְלִיךְ זַיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט צוּ פֶערְדִינֶען אִיז אַ וַדַאי נִישְׁט אַזוֹי גוּט.

**לִילִיענטהאל:** אַלְזָא וָואס פֶערְלַאנְגְט אִיהר פוּן מִיר, לִיעבֶּער הֶערְר לֶעוֶוענְזָאהן? בִּיטֶע לָאזְט הֶערֶען.

**לעווענזאהן:** אִיךְ... אִיךְ... לִיעבֶּער הֶערְר! אִיךְ הָאבּ אַ לַאנְגֶע צַייט גֶעקֶעמְפְּפְט אוֹיבּ אִיךְ זָאל צוּ אַייךְ קוּמֶען, אָבֶּער אַייעֶר פְרֵיינְדְלִיכֶע

אוֹיפְנַאהמֶע גִיט מִיר ווִיעדֶער מוּטְה און אוֹיךְ גוּטֶע הָאפְנוּנְג, לִיעבֶער הֶערְר! אִיךְ קוּם מִיךְ נִישְׁט בֶּעקְלָאגֶען אוֹיף אוּנְזֶער וֶוערְקְפִיהרֶער ווַייל אֶפְּשַׁר אִיז עֶר גָאר נִישְׁט שוּלְדִיג, נָאר ווִי סִ'אִיז ווִיל אִיךְ מִיךְ פוּן אַייךְ אַלֵיין אִיבֶּערְצֵייגֶען. צוּרִיק מִיט צְוֵויי וָואכֶען הָאט דֶער וָוערְקְפִיהרֶער מֵיין טָאכְטֶער פוּן אִיהר אַרְבֵּייט אָבְּגֶעזָאגְט, חָאטְשׁ זִי אִיז דִי בֶּעסְטֶע און פְלֵייסִיגְסְטֶע נֵייטְהוּרֶען, חָאטְשׁ אַלֶע אַרְבֵּייטֶען נָאךְ בִּיז אִיצְט. אַ וַדַאי הָאט דָאס מִיר וֶועהר אַ שְׁטַארְקֶען קְלַאפּ גֶעגֶעבֶּען דֶען זִי פְּפְלֶעגְט מִיר יֶעדֶער וָואךְ 4 דָאלַאר צוּ שְׁטַייעֶר גֶעבֶּען, נָאר וָואס זָאל מֶען מַאכֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁווִיגֶען. נֶעכְטֶען הָאט דֶער וֶוערְקְפִיהרֶער אוֹיךְ מִיר מַיינֶע 6 דָאלַאר בֶּעצָאהלְט און מִיר גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאט פַאר מִיר אוֹיךְ קֵיין אַרְבֵּייט מֶעהר! אַ דִינֶער הָאט מִיךְ דֶערְשְׁלָאגֶען עֶס אִיז מִיר פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען אִין דִי אוֹיגֶען, אִיךְ הָאבּ גָאר נִישְׁט גֶעזֶעהן וואוּ אַרוּם פוּן דִי פַאבְּרִיק אַוֶועקְצוּגֶעהְן. עֶרְשְׁט אִין דְרוֹיסֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַלֵיין גֶעפְרֶעגְט, רבּש״ע! פַאר וָואס? אִיךְ בִּין אַהֵיים גֶעקוּמֶען און הָאבּ מִיךְ גוּט אוֹיסְגֶעוַויינְט און מִיךְ גֶעלָאזְט גֶעהְן צוּ אַייךְ און מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט. אִיךְ הָאבּ מִיךְ ווִיעדֶער גֶעלָאזְט גֶעהְן און זִיךְ ווִיעדֶער אוּמְגֶעקֶעהרְט, חַא חַא חַא... אִיךְ וֵוייס נִישְׁט חָלֶעבֶּען אַזוֹי אַנְ'אַלְטֶער שַׁארְבֶּען, וָואס דַארְף אִיךְ מִיךְ זָארְגֶען, אִיךְ דַארְף דַארְף דָאךְ שׁוֹין מִיךְ אָן צוּ גְרֵייטֶען הַיינְט מָארְגֶען אָבְצוּטְרָאגֶען! נָאר וָואס זָאל מֶען טְהוּן, דֶער זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ כָּל זְמַן עֶר לֶעבְּט מוּז עֶר דָאךְ פָּארְט עֶפִּיס הָאבֶּען און וָואס קֶען שׁוֹין זַיין וֶועניגֶער ווִי זֶעכְּס דָאלַאר אַ וָואךְ? זַייט מִיר מוֹחֵל אִיךְ דוּל אַייךְ שׁוֹין צוּפִיעל דֶעם קָאפּ אִיךְ ווִיל אַייךְ נָאר פְרֶעגֶען וָואס הָאט דֶער בֵּייזֶער וֶוערְקְפִיהרֶער צוּ אוּנְז?

לִילִיעֶנְטהאל: הֶערְר לֶעוֶוענְזָאהן! דֶער וֶוערְקְפִיהרֶער הָאט קֵיין שוּלְד עֶר מוּז טְהוּן זַיינֶע פְּפְלִיכְט, דֶער שֶׁעף הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען עֶנְטְזַאגֶען און עֶר מוּז גֶעהָארְכֶען.

לֶעווענזאהן: וָואס זָשֶׁע? מֶען הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען אוּנְז אָבְּזָאגֶען? אִיהר הָאט דָאךְ אִיהם נִישְׁט גֶעהֵייסֶען, אַ יָאה נֵיין?

לִילִיעֶנְטהאל: יָא! אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעהֵייסֶען.

לֶעווענזאהן: אִיהר? אַנְ'עַוְלָה נוּר מִן הַסְתָּם ווַייסְט אִיהר דָאךְ וָואס אִיהר

טְהוּט. עֶס טְהוּט מִיר אַ וַדְאַי זֶעהר שְׁטַארְק װֶעה אִיךְ בִּין אָבֶּער דָאךְ נִישְׁט גֶעוָואהנְט מִיךְ צוּ בֶּעטֶען, הָאט מִיר אַ גוּטֶען טָאג.

(לאזט זיך געהן).

לִילִיענטהאל: וִוילְט אִיהר גָאר נִישְׁט הֶערֶען דִי אוּרְזַאכֶע?

לעווענזאהן: הֶערְסְטוּ, דֶעסְטְוֶועגֶען בִּין אִיךְ דָאךְ צוּ אַייךְ גֶעקוּמֶען.

לִילִיענטהאל: הֶערְר לֶעוֶוענְזָאהן! אִיהר וַוייסְט לִיעבֶּער פְרֵיינְד דָאס זַייט דִי לֶעצְטֶע 8 יָאהר, בֵּיינַאהֶע זַייט אִיהר זֶענְט אִין נֶעווְיָארְק, הָאבּ אִיךְ אֵייךְ אִין מֵיין פַאבְּרִיק אוֹיפְגֶענוּמֶען, אוֹיבּ אַרְבֵּייט אָדֶער נִישְׁט, אִיךְ הָאבּ אִימֶער גֶעזָארְגְט אִיהר זָאלְט קֶענֶען אַ לֶעבֶּען מַאכֶען. צוּרִיק מִיט 3 יָאהר הָאט אִיהר מִיר אוֹיךְ אַייעֶר טָאכְטֶער גֶעבְּרַאכְט, אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ זִי אוֹיפְגֶענוּמֶען, וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ אַ מָאל עֶנְטְזַאגְט, אִיהר הָאבּ אִיךְ רֶעגֶעלְמֶעסִיג גֶעצָאהלְט אוּן עֶס הָאט מִיךְ גֶעפְרֵייט דָאס אַיין אַלְטֶער מַאן מִיט זַיין טָאכְטֶער קֶענֶען זִיךְ דוּרְךְ מִיר אַנְשְׁטֶענְדִיג עֶרְנֶעהרֶע...

לעווענזאהן: גָאט זָאל עֶס אַייךְ בֶּעלוֹיהנֶען.

לִילִיענטהאל: יָא, אָבֶּער וַוייסְט אִיהר מִיט וָואס אַייעֶר טָאכְטֶער הָאט מִיר דַאפִיר אָבְּגֶעדַאנְקְט? אָה, וִוי שֶׁענְדְלִיךְ! זִיא הָאט מִיר מַיין זוּהן פֶערְפִיהרְט.

לעווענזאהן: מַיין טָאכְטֶער? מַיין חַנֶה'לֶע? זִי הָאט פֶערְפִיהרְט אַייעֶר זוּהן אַנְ'עַוְלֶה.

לִילִיענטהאל: אַיין פֶערְבְּרֶעכֶען ווִילְט אִיהר זָאגֶען, זַייט דִי לֶעצְטֶע צְוֵויי יָאהר הָאט עֶר מִיט אִיהר אַיין שְׁוֶוערֶעס פֶערְמֶעגֶען פֶערְגוֹידֶעט אוֹיף בֶּעלֶער, פְּרֶעזֶענְטֶע, לוּקְסוּס, טְהֶעאַטֶער, אוּן צוּ אַלֶער לֶעצְט הָאט זִי נָאךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען זִיךְ פַאר יֶעדֶען צוּ רוּהמֶען דָאס בַּאלְד ווִירְד זִי מַיין זוּהן הֵייראַטֶען, וִוי לֶעכֶערְלִיךְ אַזוֹי אַיין אוֹיסְגֶעלַאס...

לעווענזאהן: הַאלְט! (וויינענד) וָואס הָאט אִיהר צוּ מִיר? אִיהר זֶענְט דָאךְ אוֹיךְ אַיין אַלְטֶער מַאן, אִיהר זֶענְט דָאךְ אוֹיךְ אַ פָאטֶער פוּן קִינְדֶער, וַוייסְט אִיהר? פִיהלְט אִיהר, וָואס אִיהר הָאט אִין מִיר אַצִינְד גֶעטְהוּן? גָאט!... גָאט זָאל עֶס אַייךְ מוֹחֵל זַיין.

לִילִיענטהאל: עֶס טְהוּט מִיר זֶעהר לֵייד, אָבֶּער עֶס אִיז קֵיין גֶעהֵיימְנִיס

מֶעהר, בִּיטֶע גֶעהט אִיהר אִין מַיין פַאבְּרִיק װֶעט אִיהר הֶערֶען ווי יֶעדֶער אַרְבֵּייטֶער עֶרְצֶעהלְט פוּן אִיהרֶע שֶׁעֶנְדְלִיכֶע פֶערְהֶעלְטְנִיסֶע צוּ מַיין ווהן און זָאגַאר נָאךְ מִיט אַנְדֶערֶע...

**לעוועגזאהן:** גְענוּג אִיהר כֶּלֶב שֶׁבְּכָל הַכְּלָבִים אִיהר אוּנְמֶענְש אִיהר...

**ליליענטהאל:** הֶער לֶעוֶועזָאהן...

**לעוועגזאהן:** זַייט מִיר מוֹחֵל...

**ליליענטהאל:** אִיךְ פֶערְצֵייהֶע אַיךְ, און אוּם אַיךְ צוּ אִיבֶּערְצֵייגֶען דָאס אִיךְ בִּין אַיךְ אַ גוּטֶער פְרֵיינְד, ווִיל אִיךְ אַיךְ פָאלְגֶענְדֶען פָארְשְׁלָאג מַאכֶען, דֶער נָאמֶען פוּן אַייעֶר טָאכְטֶער אִיז גֶעשֶׁענְדֶעט, אִיהר וֶועט נִישְׁט מֶעהר אִים שְׁטַאנְד צוּ אַרְבֵּייטֶען, אַלְזָא אִיךְ גִיבּ אַיךְ 2000 דָאלַאר, וֶוען אִיהר מִיט אַייעֶר טָאכְטֶער פֶערְלָאזְט נֶעווְיָארְק און פָאהרְט צוּרִיק קַיין רוּסְלַאנְד, אָבֶער נִיעמַאנְד זָאל פוּן דֶעם עֶפֶּעס עֶרְפַאהרֶען.

**לעוועגזאהן:** דָאס אִיז זֶעהר שֶׁעהן פוּן אַיךְ, אָבֶער אַייעֶר פָארְשְׁלַאג אָנְצוּנֶעהמֶען, הֵייסְט, מַיין טָאכְטֶער בְּלִינְד פֶערְמִשְׁפְּטְן, און זִי אַלְס שוּלְדִיג עֶרְקְלֶעהרֶען, אִיךְ בִּין אָבֶער קַיין גֶעשֶׁעפְטְסְמַאן, אִיךְ בִּין נָאר אַיין אַלְטֶער פָאטֶער, און דֶערְפַאר ווִיל אִיךְ אוֹיךְ מַיין טָאכְטֶער אוֹיסְהֶערֶען, הָאט מִיר אַ גוּטֶען טָאג.

**ליליענטהאל:** הָאפֶענְטְלִיךְ וֶועט אִיהר זִיךְ דִיא זַאךְ אִיבֶּערְלֶעגֶען, נִישְׁט וָואהר?

**לעוועגזאהן:** יָא, אִיךְ וֶועל עֶס מִיר שׁוֹין אִיבֶּערְלֶעגֶען, אִיךְ וֶועל עֶס מִיר אִיבֶּערְלֶעגֶען, גָאט! גָאט זָאל עֶס אַיךְ נִישְׁט רֶעכֶענֶען, הָאט מִיר אַ גוּטֶען טָאג. (אב).

**ליליענטהאל:** מִיר רַייסְט דָאס הַארְץ אִיבֶּער דֶעם אַלְטֶען אוּנְגְלִיקְלִיכֶען מַאן, אָבֶער גָאט אִיז מַיין עֵדוּת דָאס אִיךְ קָאן נִישְׁט אַנְדֶערְס, יָא, עֶס אִיז טְרוֹירִיג, זֶעהר טְרוֹירִיג!

(אויפטריט ליזא).

**ליזא:** הֶער לִילְיֶענְטְהַאל דִי מַאדַאם ווִיל אַיךְ זֶעהן.

**ליליענטהאל:** זֶענֶען דִי גֶעסְט נָאךְ נִישְׁט פָארְט?

**ליזא:** הֶער אִין פְרֵיילַיין קָאהן וֶענֶען נָאךְ דָא, הֶער אַרְנָאלְד אִיז גֶעקוּמֶען מִיט אַ וָואגֶען פוּן דֶער פַאבְּרִיק, עֶר פִיהלְט זִיךְ וָועהר אוּנְוָואהל.

**לִילִיענטהאל:** (אפארט) עֶר אִיז דָא ? עֶס פֶּעגֶגְט אָן, אַלְזָא אִיךְ גֶעה, לִיזַא מַאךְ אֵיין וֶועניג פֵייעֶר דָא אִין צִימֶער, דֶען עֶס אִיז דָא שְׁרֶעקְלִיךְ קַאלְט. (אַב).

**ליזא:** (פַייפְט) אַזוֹי אִיז עֶס, אַז סְ'וֶוערְט קַאלְט אִין דִי מַאשֶׁען, וֶוערְט קַאלְט אִין צִימֶער אוֹיךְ, (לעגט קיילען אין אויוען) גֶעפֶּעם דִי לֶעצְטֶע צַייט אִיז אִין דֶעם הוֹיז אַ גַאנְץ אִיבֶּערְקֶעהְרֶענִישׁ גֶעוָוארֶען, דֶער הֶער אִיז בֵּייז דִי מַאדַאם אוֹיפְגֶערֶעגְט, הֶער אַרְנָאלְד וֶוערְט יֶעדֶען טָאג קְרַאנְק, נָאר הֶער מַאקְס אִיז אִימֶער מוּנְטֶער (בריהט זיך אב) אוֹי מַאמֶע... אַז זֵיי קוֹיפֶען דִי עֶרְגְסְטֶע קוֹילֶען, שְׁטוּנְדֶעלַאנְג מוּז מֶען זִיךְ פְּלַאגֶען בִּיז עֶס וִויל בְּרֶענֶען, אוּן דֶעם פִינְגֶער הָאבּ אִיךְ נָאר צוּגֶערִיהְרְט הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין אוּנְגֶעצוּנְדֶען, גֶעווִים הָאבּ אִיךְ צוּפִיעל פַייעֶר, אָה מַאמֶע עֶס בְּרֶענְט.

(אויפטריט חנה'לע, דורך דעם פענסטער).

**הנה'לע:** לִיזַא דוּ בִּיזְט אַלֵיין ? אֵיין וָוארְט.

**ליזא:** וָואס אִיז מַיין טְהֵייעֶרֶע ?

**חנה'לע:** אִיז אַרְנָאלְד צוּ הוֹיז ?

**ליזא:** יֶעסְאה ! מַאמֶע עֶס בְּרֶענְט.

**הנה'לע:** וָואס אִיז דִיר ?

**ליזא:** גָאר נִישְׁט, מֵיין פִינְגֶער הָאט זִיךְ צֶעהִיצְט, אָבֶער גֶעה שְׁנֶעלֶער פָּארְט מֶען זָאל דִיךְ נִישְׁט גֶערְבְּלִיקֶען.

**חנה'לע:** אִיךְ הָאבּ אִיהם נָאכְגֶעפָאלְגְט וֶוען עֶר אִיז פוּן דֶער פַאבְּרִיק הֶערוּיס, עֶר הָאט שְׁרֶעקְלִיךְ שְׁלֶעכְט אוֹיסְגֶעזֶעהן, פִיהלְט עֶר זִיךְ יֶעצְט בֶּעסֶער ? הָאסְטוּ אִיהם גֶעזֶעהן ?

**ליזא:** יֶעס ! יֶעס ! מָארְגֶען פְרִיה וֶוען אִיךְ וֶועל גֶעהן אִין מַארְק וֶועל אִיךְ זַיין בֵּיי דִיר, אָבֶער יֶעצְט גֶעה שְׁנֶעלֶער פָּארְט מֶען זָאל דִיךְ נִישְׁט דֶערְזֶעהן.

**הנה'לע:** אָה לִיזַא ! אִיךְ בִּין אַזוֹי אוּנְגְלִיקְלִיךְ, אִיךְ לַייד אַזוֹי פִיעל, שׁוֹין צְווֵיי וָואכֶען זַייט אִיךְ הָאבּ אִיהם נִישְׁט גֶעזֶעהן, אָבֶער לִיזַא אִיךְ בֶּעט

דיך בֶּעהַאלְטִי דָאס שְׁרֶעקְלִיכֶע גֶעהֵיימְנִיס טיעף אִין דַיין בְּרוּסְט, דֶער צופאל הָאט דיך צו אֵיין צֵיינֶען גֶעמַאכְט וָואס קֵיין שְׁטֶערְבְּלִיכֶער מֶענְשׁ דַארְף וויסֶען, איך בֶּעט דיך.

**ליזא:** אוי לָאזְט מִיךְ צוּרוּה, וָואס בִּין אִיךְ עֶפִּיס אַ לֶעבְּטְשֶׁערֶע, אָדֶער אַ פְּלַאפְּלֶערְקֶע? אִיךְ פֶּערְגִיעס גֶענוּג טְרֶערֶען צוּלִיעב אַייךְ.

**הנה'לע:** גָאט זָאל דיך בֶּענְשֶׁען! גוּט נַייט (אב).

**ליזא:** (קוקט ארויס דורכ'ן פענסטער) גוּט נַייט אוּן אֵיין גָאט זָאל דִיר הֶעלְפֶען אוּנְגְלִיקְלִיכֶע הַנֶה'לֶע! דִיר שְׁטֶעהט פָּאר אַ וָועלְט פוּן לֵיידֶען אוּן שְׁמֶערְץ. גַאנְצֶע טַייכֶען טְרֶעהְרֶען וֶועלֶען דַיינֶע אוֹיגֶען אוֹיסְוַויינֶען, אוּן פִּיעל, וָועהר פִּיעל הָאסְט דוּ מִיטְצוּמַאכֶען אַיידֶער דוּ וֶועסְט עֶרְרַייכֶען דַיין צִיעל. אִיךְ וָואלְט אַלֶעס אִין דֶער וֶועלְט גֶעטְהוּן דיך גְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכֶען (דערזעהט אין קוליס טשאלי) סֶע טְשַׁאלִי טְשַׁאלִי... עֶר אַנְטְלוֹיפְט גָאר? אִין דֶעם גַאנְצֶען פֶּערְדְרֶעהֶענִישׁ מַאכְט עֶר זִיךְ דֶערְוַוייל פַּארְגֶעסֶענְדִיג אַז עֶר הָאט מִיר פֶּערְשְׁפְּרָאכֶען מִיךְ צוּ הֵיירַאטֶען! אָבֶער עֶס שַׁאדְט נִישְׁט קֵיינֶע ווִיטְצֶע מִיט לִיזַא, אוי דִי מֶענֶער דִי מֶענֶער... אוי וֶועה ס'אִיז שׁוֹין אַזוֹי שְׁפֶּעט אוּן טְשַׁאלִי אִיז נָאךְ נִישְׁט גֶעקוּמֶען, בַּאלְד וֶועל אִיךְ ווִיעדֶער בֶּעשֶׁעפְטִיגְט זַיין מִיט דִי גֶעסְט, וֶועל אִיךְ ווִיעדֶער קֵיין גֶעלֶעגֶענְהֵייט הָאבֶען מִיט אִיהם צוּ רֶעדֶען סֶע טְשַׁאלִי טְשַׁאלִי.

**טשאלי:** (אונטער די קוליסען) אָלְרַייט אַיי קַאם אִין דִיע מֶענִיט!

**ליזא:** עֶר קְנַאקְט שׁוֹין ווִיעדֶער עֶנְגְלִישׁ דֶער ווִיסְטֶער גְרִינְהָארְן, עֶרְשְׁט זֶעכְּס מָאנַאט אִין אַמֶערִיקַא אוּן וִויל נִישְׁט רֶעדֶען אַ וָוארְט יוּדִישׁ, קוּם שׁוֹין שְׁנֶעלֶער הֶערִי נָאפּ.

(אויפטריט טשאלי).

**טשאלי:** וָואט נָא וָואנְט אַיי גַאד נָא טַיים אַיי מַאשׁ גָא וָוארְקִינְג.

**ליזא:** אִים גָאטֶעט ווִילֶען רֶעד יוּדִישׁ.

**טשאלי:** אִיךְ גֶעדֶענְק נִישְׁט אַ וָוארְט, אִיךְ הָאבּ אִין גַאנְצֶען פֶּערְגֶעסֶען.

**ליזא:** אִיךְ פֶּערְשְׁטֶעה דיך אָבֶער קֵיין וָוארְט.

**טשאלי:** בִּיזְט דוּ דָאךְ אַ גְרִינְהָארְן.

**ליזא:** בִּיזְט אַ יָאלְד... אוֹי שוֹין ווִיעדֶער אויסְגֶעלָאשֶׁען דָאס פַּייעֶר אִין אויוֶוען.

**טשאלי:** אִיךְ בִּין טַאקִי דוּרְשְׁטִיג (טרינקט) פֶּע עֶפִּיס גֶעוַאלְצֶען וַואסֶער, דָאס אִיז גֶעוִוים אויךְ אַ מָאדֶע.

**ליזא:** טְשַׁאלִי! הֶעלְף מִיר פַּארְרָעכְטֶען דָאס פַּייעֶר עֶס הָאט מִיךְ שוֹין הַיינְט קְרַאנְק גֶעמַאכְט.

**טשאלי:** אָלְרַייט מִיסִים.

**ליזא:** מִיסִים גָאר? אַ יָא אִידְיאָט.

**טשאלי:** אִידְיאָט דַאכְט זִיךְ גָאר אַ רוּסִישׁ וָוארְט אַנְ'אִידְיאָט עֶר גֶעהט, יָא אַיידְיָא אִיךְ גֶעה!

**ליזא:** נָא גֶעה שוֹין!

**טשאלי:** זָאג זְשֶׁע אִיךְ זָאל גֶעהן, אִידְיאָט אִיז דָאךְ גָאר עֶר גֶעהט, אוֹי יָא דוּמֶע גַאנְז וָואס דוּ בִּיזְט... אוֹי סְ'גְרִימְט מִיךְ עֶפִּיס אִין בּויךְ.

**ריזא:** אַלְזָא ווִילְסְט דוּ פַּארְרֶעכְטֶען דָאס פַּייעֶר?

**טשאלי:** אָלְרַייט! וֶועהסְט דוּ אַפִּילוּ צוּ פַּייעֶר מוּזְט אִיהר אוּנְז מֶעגְעֶר אויךְ הָאבֶּען, אוּן דָאךְ בְּרֶענְט אִיהר וַוייבֶּער אַ הַאלְבֶּע וֶועלְט (טהוט עס) נַא אָט הָאסְט דוּ פַּייעֶר אַיי ווִינְשׁ יָא אַ גוּטֶען גוּד בַּיי אַיי גַאד נָא טַיים אַיי מַאשׁ גָא וָואסְקִינְג (וויל געהן).

**ליזא:** טְשַׁאלִי אִיךְ בִּין הַיינְט פַּארְבַּייגֶעגַאנְגֶען אִין עֶסִ'ג סְטְרִיט שוּהל הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהן אֶפְשַׁר פִינְף חֲתוּנוֹת פוּן דָארְט אַרוֹיס פָּאהרֶען.

**טשאלי:** וָועל! אוֹי עֶס גְרִימְט מִיךְ אַזוֹי.

**ריזא:** וֶועל! גֶעדֶענְקְסְט דוּ נָאךְ יוֹם טוֹב וֶוען דוּ הָאסְט מִיר פֶערְשְׁפְּרָאכֶען אַז עֶס וֶועט קַיין אַרְבַּייט זַיין וֶועלֶען מִיר חֲתוּנָה הָאבֶּען?

**טשאלי:** נָא? אוֹי סְ'דְרֶעהט מִיר דִי קִישְׁקֶעס.

**ליזא:** נָא מוּז מֶען זִיךְ דָאךְ שוֹין אָנְפַאנְגֶען פָּארְצוּבֶּערַייטֶען.

**טשאלי:** אָלְרַייט מַאךְ דִיךְ פֶּערְטִיג! אוֹי גֶעוַואלְד אִיךְ שְׁטַארְבּ.

**ליזא:** וָואס אִיז? וָואס שְׁרַייסְט דוּ?

**טשאלי:** גָאר נִישְׁט, אִיךְ הָאבּ עֶפִּיס גְלַאט אַזוֹי אַ גֶעשְׁרַיי גֶעטְהוּן.

**ליזא:** אַזוֹי שְׁטַארְק אִינְטֶערֶעסִירְט דִיךְ אוּנְזֶער גֶעשְׁפְּרֶעךְ.

**טשאַלי:** װֶער זָאגְט דֶען אַז עֶס אִינְטֶערֶעסִירְט מִיך נִישְׁט אוּנ אִיך לָאפְּנֶע, לִיזַא װָאס אִיז דָארְט אִין דֶעם בּוּטֶעל?

**ליזא:** דָאס הָאט דֶער דָאקְטָער פֶערְשְׁרִיבֶּען די מַאדַאם קַארְלְסְבַּאדֶער װַאסֶער צוּם מָאגֶען.

**טשאַלי:** אוּנ גֶעװָאלְד מַײן מָאגֶען אִיך שְׁטַארְבּ.

**ליזא:** װָאס זָאגְסְט דוּ לִיעבְּסְטֶע דוּ מִיך.

**טשאַלי:** װָאס דֶען נַײן? אָבֶּער עֶס אִיז נָאך דָא אַזױ פִיעל צַײט, מִיר װֶעלֶען זִיך אִיבֶּערְשְׁמִיעסֶען װֶעל אִיך בֶּעשְׁטִימְט זָאגֶען... אוּנ אִיך הַאלְט עֶס נִישְׁט אוּיס (מען רופט טשאלי) אוּנ גָאט זַײ דַאנְק מֶען רוּפְט מִיך, אָלְרַײט אִיך קוּם אִין דֶער מִינוּט, אוּנ אִיך לָאפְּנֶע... (אַב).

**ליזא:** װָאס הַײסְט דָאס? אִיז עֶר פֶערְרִיקְט גֶעװָארֶען? װָאס אִיז דָאס פַאר אַ מִין לִיעבֶּעס-עֶרְקְלֶעהרוּנג? אוּנ אִיך הַאלְט עֶס נִישְׁט אוּיס, אוּנ אִיך לָאפְּנֶע, אוּנ מִיר װֶעלֶען זִיך נָאך זֶעהן, װַארְט דִי יָאלְד אִיך װֶעל דִיר װַײזֶען (אַב).

(אויפטריט קאהן, ראָזא).

**קאהן:** נוּ, װִי הָאסְט דוּ דִיך הַײנְט אַמִיזִירְט מַײן קִינְד?

**ראזא:** אוּיסְגֶעצַײכֶענְט פַּאפַּא! דִי פַאמִילְיֶע לִילְיֶענְטַהאל אִיז זֶעהר גַאסְט־פְרַײנְדְלִיך זֶעהר אִינְטֶעלִיגֶענְט.

**קאהן:** רָאזַא דוּ הָאסְט אַ הִיבְּשֶׁע צַײט פֶערְבְּרַאכְט אִין אַײן פְּרִיװַאט־גֶעשְׁפְּרֶעך מִיט הֶערְר אַרְנָאלְד, װָאס הָאט אִיהר דֶען אַײגֶענְטְלִיך דִיסְקוּטִירְט?

**ראזא:** אָה פַּאפַּא! עֶר אִיז אַײן זֶעלְטֶענֶער קַאװַאלִיעֶר, אַזױ נָאבֶּעל אַזױ נֶעט, אָה פַּאפַּא! זַײן רֶעדֶענְסַארְט זַײן בֶּענֶעהמוּנג, זַײן... אָה פַּאפַּא!

**קאהן:** אָה פַּאפַּא? זֶעה נָאר װִי אוּיפְגֶערֶעגְט דוּ בִּיזְט אוּנ אַזױ שְׁװֶערְמֶערִישׁ אָה פַּאפַּא, דָאס הָאבּ אִיך נִישְׁט עֶרְװַארְטֶעט.

**ראזא:** אָה פַּאפַּא אִיך הָאבּ דִיר נָאך גָאר נִישְׁט גֶעזָאגְט.

**קאהן:** אָה אִיך װַײס אִיך װַײס!

**ראזא:** דוּ װַײסְט? נוּ?

**קאהן:** װָאס װִילְסְט דוּ?

**ראזא:** אָה טְהֵייֶערֶער זִיסֶער פַּאפַּא! לָאז דִיךְ אוּמְאַרְמֶען, לָאז דִיךְ רֶעכְט גוּט קִישֶׁען, אָה אִיךְ וָואלְט דִי גַאנְצֶע וֶועלְט קִישֶׁען.

**קאהן:** שׁוֹין גוּט שׁוֹין גוּט! רָאזַא אִיךְ גֶעה מִיךְ עֶמְפְּפֶעהלֶען בַּיי דִי מַאדַאם לִילְיֶענְטְהַאל, קוּם מִיר בַּאלְד נָאךְ, דֶען צוּ הויז הָאבּ אִיךְ מִיט דִיר אַיין עֶרְנְסְט וָוארְט צוּ רֶעדֶען (אב).

**ראזא:** אַיין עֶרְנְסְט וָוארְט? מִיר שֵׁיינְט דָאס עֶר הָאט אַלֶעס עֶרְפַאהרֶען, אָבֶּער אִיךְ שֶׁעהם מִיךְ נִישְׁט מֵיין פַּאטֶער אִיז דָאךְ אַזוֹי גוּט, עֶר לִיעבְּט מִיךְ אַזוֹי הַיים, עֶר אִיז דָאךְ מַיין בֶּעסְטֶער פְרַיינְד, אִיךְ וָועל זָאגֶען דָאס דָא (ווייזט אויפ'ן הערץ) טְהוּט מִיר וָועה, עֶס פְּרֶעסְט מִיךְ, עֶס דְרִיקְט מִיךְ, אוּן עֶס אִיז מִיר אַזוֹי גוּט, אָה אַרְנָאלְד! אֶה?... וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט? אָה יָא אַרְנָאלְד אִיךְ לִיעבֶּע דִיךְ, אִיךְ לִיעבֶּע אִיהם.

לִיעבּ לִיעבּ אִיז מִיר דֶער מָאמֶענְט
לִיעבּ לִיעבּ זַייט אִיךְ הָאבּ אִיהם דֶערְקֶענְט
עֶס אִיז לִיעבֶּע גֶעווִים, אִיךְ פִּיהל עֶס אַזוֹי זִים
אַזוֹי זִים אִין לֵייד אִין שְׁמֶערְץ
נָאךְ אִיהם בֶּענְקֶען, פוּן אִיהם דֶענְקֶען } בּיס
דָארְט וואוּ עֶר אִיז דָאס עֶרְקְווִיקְט מַיין הֶערְץ }
אַךְ גָאט, ווִי וַוייט אִיז שׁוֹין דִי צַייט יָא
לִיעבֶּע דִי לִיעבֶּע אִיז זֶעהר זִים }
לִיעבֶּען אוּן לֶעבֶּען ווִי אִין פַּארַאדִיעס } בּיס
יָא נָאר מִיט אִיהם גֶעהן אוּמֶעדִים }
גֶעלִיעבְּט פוּן אִיהם. }

(אופטריט א ר נ א ל ד).

**ראזא:** מֵיין גָאט! דָא קוּמְט עֶר, ווִי בְּלַאס זֶעהט עֶר אוֹיס, ווִי נִידֶער־גֶעשְׁלָאגֶען, הָאט עֶר מִיךְ נִישְׁט בֶּעמֶערְקְט (הוסט) מר. אַרְנָאלְד.

**ארנאלד:** ...אָה, עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען זִי! הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעשְׁטֶערְט?

**ראזא:** אָה, נַיין, נַיין, אִיהר הָאט מִיר נִישְׁט גֶעשְׁטֶערְט, אִיךְ ווִיל אַייךְ נָאר זָאגֶען דָאס...

**ארנאלד:** וָואס?

**ראזא:** פַּאפַּא וַוארְט אוֹיף מִיר אִין צְוַוייטֶען צִימֶער, אִיךְ גֶעה שׁוֹין.

ארנאלד: פְרַיילַיין קָאהן!

ראזא: אִיהר ווִינְשְׁט.

ארנאלד: אִיהר זָענְט אַזוֹי יוּנְג, אַזוֹי שֶׁעהן אין אִיךְ... דָאךְ אַיין אַנְדֶערְט מָאל.

ראזא: אִיךְ וַוארְט, אִיךְ וַוארְט, אָה אַרְנָאלְד!... נַיין נַיין נַיין, עֶר לִיעבְּט מִיךְ, עֶר לִיעבְּט מִיךְ (אב).

ארנאלד: לוּפְט, לוּפְט, גִיבְּט מִיר לוּפְט, אִיךְ עֶרְשְׁטִיקֶע.

(אויפטריט ליליענטהאל).

ליליענטהאל: מַיין זוהן דוּ בִּיזְט קְרַאנְק, נֶערְוֶועז, אָבֶּער דִי קְרַאנְקְהֵייט קָאן קַיין מֶעדִיצִין הֶעלְפֶען, נָאר דֶער מֶענְשׁ אַלַיין, גְלוֹיבְּסְטוּ מַיין זוהן, דָאס אִיךְ וֶועְרֶע אַזוֹי שְׁטָאלְץ, אָדֶער דוּם דִיר נִישְׁט צוּ עֶרְלוֹיבֶּען הַנֶה׳לֶע צוּ הֵייראַטֶען, בְּלוֹיס אוּיס דֶעם גְרוּנְד וַוייל זִי אִיז אַיין אָרֶעם מֶעדְכֶען? מִיר טְהוּט עֶס נָאר וֶועה דָאס אָבְּגֶעזֶעהן פוּן אִיהר אַרְמוּטְה אוּן נִיעדְרִיגֶען שְׁטַאנְד, וויל אַרְנָאלְד לִילְיֶענְטְהַאל זִיךְ אַרָאבְּלָאזֶען בִּיז צוּ אַיינֶער גֶעזוּוְנְקֶענֶער פֶערְדָארְבֶּענֶער דִירְנֶע?...

ארנאלד: פַאטֶער! גֶענוּג פַאטֶער, דוּ הָאסְט פִיעל, זֶעהר פִיעל גֶעשְׁפְּרָאכֶען אוּן אִיךְ הָאבּ אַלֶעס אוֹיפְמֶערְקְזַאם אוֹיסְגֶעהֶערְט, צְוַואר קָאסְט דָאס פִיעל טְרָאפֶּען בְּלוּט פוּן מַיין קְרַאנְק הֶערְץ, אָבֶּער אִיךְ בְּלַייבּ דָאךְ אַ גֶעהָארְזַאמֶער זוהן, פַאטֶער! וִויפִיעל שְׁלָאפְלָאזֶע נֶעכְטֶע הָאבּ אִיךְ שׁוֹין פֶערְבְּרַאכְט, אִיךְ בֶּעהַאלְט מַיין גֶעזִיכְט אִין וַוייכֶען פָאלְסְטֶער, אַלְס אֵרוּם מִיר וֶוערְט פִינְסְטֶער אוּן דוּנְקֶעל אִיךְ הֶער קְרֶעכְצֶען אִיךְ עֶרְוַואכֶע, אָה וֶועה! אַלֶע הֶערְצֶענְסְפֶּעדֶען זָענֶען גֶערִיסֶען, אוּן ווִי אַיין קְלֶעגְלִיכֶע גֶעבְּרָאכֶענֶע מֶעלָאדִיע קְלִינְגְט דָאס אִין דֶעם פִינְסְטֶערְן רוּים. אִיךְ לִיעבֶּע זִי, אִיךְ לִיעבֶּע זִי!

ליליענטהאל: טְרוֹיריגֶע קְלֶעגְלִיכֶע מֶעלָאדִיע.

ארנאלד: נוּן פַאטֶער! ווִילְסְטוּ דֶען בַּיי אַזוֹי אַיין קְרַאנְקֶען גֶעפִינֶען אַיין אִיבֶּערְלֶעגְטֶען אוּן קַאלְטֶען פֶערְשְׁטַאנְד? פַאטֶער! עֶס קֶען זַיין דָאס דוּ הָאסְט רֶעכְט, עֶס קֶען זַיין דָאס דִי לִיעבֶּע וֶועט מִיךְ צוּ גְרוּנְדֶע רִיכְטֶען, אָבֶּער אִיךְ ווִיל דִי גֶעגֶענְוַוארְט גֶענִיעסֶען, דִי צוּקוּנְפְט ווִי זִי אִיז פַאר אוּנְז בְּלִינְד, אַזוֹי וֶועל אִיךְ זִי אוֹיךְ נִישְׁט זֶעהן, פַאטֶער!

לָאז מִיךְ לֶעבֶּען, לָאז מִיךְ לִיעבֶּען, לָאז מִיךְ זַיין מַיין נֶענֶען, דֶען אָהן איהר בִּין אִיךְ פֶערְלָארֶען!

**לִילִיעֶנטהאל:** רִיכְטִיגֶער גֶעזָאגְט הֵייסְט דָאס, פַּאטֶער גִיבּ מִיר אַיין מֶעסֶער און עֶרְלוֹיבּ מִיר מַיין גוּרְגֶעל דוּרְכְצוּשְׁנַיידֶען. יַאוָאהל מַיין זוּהן; דָאס עֶרְלוֹיבּ אִיךְ דִיר, אָבֶּער וָוען דָאס בְּלוּט וֶועט פוּן דַיינֶע וואוּנְדֶען רִינֶען, דַאן וָאלְכְט נִישְׁט וַואגֶען הִילְף צוּ בֶּעטֶען, אִיבְּרִיגֶענְס דוּ בִּיזְט אַלְט גֶענוּג, טְהוּ ווִי דוּ פֶערְשְׁטֶעהסְט (אב).

(אויפטריט דבורה).

**דבורה:** טְהוּ ווִי דוּ פֶערְשְׁטֶעהסְט הָאט עֶר גֶעזָאגְט. נַיין, אַזוֹי לַאנְג אִיךְ לֶעבּ וֶועט עֶס נִישְׁט גֶעשֶׁעהֶן, דוּרְכְשְׁנִיטֶען זָאל מַיין הַאלְז וֶוערֶען, בְּלוּטֶען זָאל מַיין קֶערְפֶּער, בְּלוּטֶען פוּן גֶעפֶּעהֶרְלִיכֶּע וואוּנְדֶען, בֶּעפָאר אִיךְ זָאל עֶס עֶרְלָעבֶּען דָאס מַיין זוּהן, מַיין לִיעבְּלִינְג, זָאל הַיירַאטֶען אַיין אוֹיסְוואוּרְף וָואס...

**ארנאלד:** מוּטֶער...

**דבורה:** יָא אִיךְ בִּין מוּטֶער און בֶּעזִיטְץ אַיין מוּטֶער הֶערְץ, אָבֶּער עֶס בְּלוּטֶעט, ווִילְסְטוּ דֶען דָאס אַנְשְׁטַאט מוּטֶערְלִיעבֶּע זָאל דָאס הֶערְץ אִיבֶּערְפוּלְט וֶוערֶען מִיט הַאס, אַבְשֵׁיי און פֶערְאַכְטוּנְג צוּ דֶענְיֶענִיגֶען וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ אוּנְטֶער מַיין בְּרוּסְט גֶעטְרָאגֶען? וָוען יָא? דַאן פְלוּךְ דֶער בְּרוּסְט וָועלְכֶע הָאט דִיךְ עֶרְנֶעהרְט, פְלוּךְ און טוֹיזֶענְד מָאל פְלוּךְ!

**ארנאלד:** מוּטֶער נִישְׁט וֵויינֶען, נוּר נִישְׁט וֵויינֶען מַיינֶע מוּטֶער, אַלְס אִין דֶער וֶועלְט קָאן אִיךְ פֶערְטְרָאגֶען נוּר נִישְׁט דַיינֶע טְרֶעהרֶען, אָה צוּקוּנְפְט! ווִי וֶועה אִיךְ דִיךְ שׁוֹין אִין דֶער גֶענֶענְוַוארְט? וֶוער נָאךְ קָאן אַזוֹי פִיעל לַיידֶען ווִי אִיךְ?

**דבורה:** מַיין זוּהן!

**ארנאלד:** און אִיךְ בִּין דַיין זוּהן? מוּטֶער וָואס הָאסְטוּ גֶעדַאכְט דַאמָאלְס וֶוען דוּ הָאסְט מִיךְ אַלְס קִינְד צוּ דַיין בְּרוּסְט גֶעדְרִיקְט.

**דבורה:** דִיךְ גְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכֶען מַיין זוּהן.

**ארנאלד:** נוּן בִּין אִיךְ עֶס אַזוֹי ווִי דוּ הָאסְט עֶס דִיר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט?

**דבורה:** דוּ בִּיזְט נִישְׁט גְלִיקְלִיךְ ווייל דוּ בִּיזְט צוּ גוּט. דוּ גִיבְּסְט דֵיין הֶערְץ צוּ פִּיעל נָאךְ.

**ארנאלד:** זָאל אִיךְ דֶען דִי שְׁטִימֶע פוּן מֵיין הֶערְץ נִישְׁט מֶעהר גֶעהָארְכֶען?

**דבורה:** דָאס אֵייגֶענֶע הֶערְץ בֶּעטְרִיעגְט אוֹיךְ מַאנְכֶעס מָאל.

**ארנאלד:** מַאנְכֶעס מָאל? מוּטֶער אִיךְ דַאנְקֶע דִיר.

**דבורה:** מֵיין לִיעבְּלִינְג, מֵיין זוּהן!

**ארנאלד:** אֵיין הִימֶעלְרַייךְ פוּל לִיעבֶּע אוּן צֶערְטְלִיכְקֵייט וַואר דֵיין מִילְדֶער בְּלִיק.

**דבורה:** וֶועסְטוּ דֵיינֶע מוּטֶער נִישְׁט מֶעהר קְרֶענְקֶען?

**ארנאלד:** נַיין, קָאסֶע! אַךְ מוּטֶער! גְלִיקְלִיךְ בִּין אִיךְ גֶעוֶוען נוּר אַן דֵיין בְּרוּסְט! (זי אב) אַזוֹי בְּלַייבְּט עֶס, אִיךְ וֶועל אַייךְ נִישְׁט מֶעהר קְרֶענְקֶען, דִי טְרֶערְהֶען פוּן מֵיין מוּטֶער זֶענֶען פִּיעל טְהַייעֶרֶער אַלְס דֶער שְׁמֵייכֶעל פוּן אַ גֶעלִיעבְטֶע... אָה חַנָה׳לֶע, חַנָה׳לֶע! בִּיזְטוּ ווירְקְלִיךְ אַזוֹי פַאלְשׁ אוּן גֶעצְווּנְגֶען ווִי מֵיינֶע עֶלְטֶערְן שְׁטֶעלֶען דִיךְ פָאר? אוּן בִּין אִיךְ ווִירְקְלִיךְ אַזוֹי פֶערְבְּלֶענְדֶעט דָאס נִישְׁט צוּ בֶּעמֶערְקֶען? אָה דָאס אִיז שׁוֹידֶערְהַאפְט (נעמט ארויס א בילד פון דער טאש) ווִי אוּנְשׁוּלְדִיג, ווִי קִינְדִישׁ, ווִי רֵייצֶענְד, ווִי נַאאִיו, גָאט! אִיךְ בִּין פֶערְרִיקְט!

(ליזא, טשאלי, פון דרויסען).

**ליזא:** אָה אִיךְ הָאבּ דִיךְ דֶערְטַאפְּט, אַצִינְד וֶועסְט דוּ שׁוֹין אַזוֹי שְׁנֶעל נִישְׁט אַנְטְלוֹיפֶען.

**טשאלי:** אֵיי גוּט נוֹי טֵיין וַויי מַאשׁ גוֹי וַוארְקוּנְג!

**ליזא:** אַצִינְד גֶעהסְט דוּ נִישְׁט מֶעהר (פערשווינדען).

(אויפטריט מאקס לאבענד).

**מאקס:** הַא הַא הַא אַךְ אִיז דָאס אַ סְצֶענֶע, דִי וֶועל אִיךְ קֵיינְמָאל אִין מֵיין לֶעבֶּען פֶערְגֶעסֶען, הַא הַא הַא... הַאלְלָאה אַרְנָאלְד... עֶר הֶערְט נִישְׁט, אַלֶע אִים הוֹיז זֶענֶען בֵּייז אוּן עֶר זִיצְט אוֹיךְ אַרָאבְּגֶעלָאזְט דִי נָאז הַאלְלָאה בְּרוּדֶער!

**ארנאלד:** (ערוויעדערנד) הַאלְלָאה מַאקְס! וואו בִּיזְט דוּ גֶעוֶועזֶען אַזוֹי לַאנְג?

מאקס: וואו איך בין געווען? אויף פיעל פּלעצער!

ארנאלד: האסט דו חנה׳לע געזעהן?

מאקס: ניין!

ארנאלד: מאקס!

מאקס: נו?

ארנאלד: איך מוז זי זעהן, איך מוז מיט איהר רעדען, זאנסט ווער איך פערריקט.

מאקס: הענג מיך, אויב עס לוינט זיך וועגען דעם פערריקט צו ווערען.

ארנאלד: אה מאקס מיין ברודער! דו ביזט נאך יונג, נאך האט די הייסע גלוטה פון דער ליעבע דיין אונבעוואונטעם הארץ בעריהרט אבער איך בעדויערע די צייט ווען...

מאקס: ווען איך וועל אויך אנהייבען צו זיפצען און צו קרעכצען וועגען איינע מינא אדער איינע חנה׳לע פונקט אזוי ווי דו אצינד, אה ברודער נישט איך! הענג מיך, אויב עס לוינט זיך וועגען אזוי א זאך פערריקט צו ווערען.

ארנאלד: איז עס מעגליך ביי די יאהרען, פאר אלע פערגניגונגען פון דער · וועלט קאלט צו זיין.

מאקס: נישט אים גרינגסטען, איך ליעבע די וועלט מיט אלע פערגניגונגען, איך ליעבע אויך שעהנע יונגע דאמען אבער אלע, נישט איינע, הענג מיך, אויב עס לוינט זיך וועגען איינער פערריקט צו ווערען.

ארנאלד: מאקס! איך האב דיך שטענדיג געליעבט, און אבוואהל איך בין עלטער אלס דו האב איך קיינמאל געזוכט איבער דיר צו הערשען, נישט וואהר? מאקס! איך ליעב חנה׳לע ביז צום וואהנזין, אבער נאך דעם שקאנדאל מיט איהר פאטער ביי אונז אין הויז קאן איך נישט פון... אבער איך מוז זי זעהן, מיט איהר רעדען און...

מאקס: דו זאלסט...

ארנאלד: וואו? ווען? ווי אזוי?

מאקס: איך האב זי יא געזעהן, זי האט מיר געזאגט דאס אונזער מוטער האט איהר דורך טשאלי געלאזט זאגען דאס דו רייזט נאך פאריז און

זי דאַרף קיינמאָל מעהר האָפען דיך צו זעהן, זי איז געווען שרעקליך אויפגערעגט און האט געזאגט דאס זי מוז אַהערקומען אום מיט דיר אַליין צו שפּרעכען (מען הערט רעדען) האָרך! וואס זאל דאס בעדייטען? די מוטערס שטימע מיט חנה'לע, ווייס וואס דו האסט צו טהון (אב).

(אויפטריט חנה'לה, דבורה).

ארנאלד: מוטער וואס זאל דאס בעדייטען?

דבורה: נאך דעם אַלעס וואס עס האט דא פּאסירט, וואגט זי נאך אַהערצוקומען דיעזע ניעדריגע געוונקענע אויסגעלאַסענע...

ארנאלד: ש. ש. ש. מוטער! נון חנה'לע, וואָרום שווייגסט דו? האסט דו גאר קיין וואָרט פאר מיינע מוטער זיך צו פערטיידיגען?

דבורה: די שולד האט קיין פערטיידיגונג, זעהסטו דען נישט מיין זוהן, ווי זי ציטערט גראדע ווי איינע צום טויט פערארטיילטע פערברעכערין?

חנה'לע: מאדאם ליליענטהאל! עס איז נישט וואהר, מיין ציטערען בעדייטעט אַזוי וואס איהר ווילט נישט אדער קענט נישט פערשטעהן, איהר אבער בענוצט די געלעגענהייט פון מיין אויפרעגונג אום מיר שאנד און שפּאט אין געזיכט צו שלײדערן, ניין מאדאם! איך קען פריי ביז צו אײך ארויפבליקען, און אייך גראדע אין די אויגען קוקען וועל איך טויזענד מאל ווידערהאלען דאס אַלע אייערע בעשולדיגונגען זענען פאלש. אה! איך ווייס מאדאם, אייך פאסט נישט דאס ארנאלד ליליענטהאל זאל הייראטען איין ארעם מעדכען, איין נעהערין, אבער גאט איז מיין עדות דאס איך האב אייך אייער זוהן נישט אַוועקגענומען, איך בין אַריין אין אייער פאבריק גראדע ווי א יעדעס ארבייטסמעדכען אום מיין ברויט צו פערדיענען, ער! ער האט צו מיר אַזוי זיעס געשפּראכען, ער האט מיר פארגעשטעלט אַזוי א גלענצענדע צוקונפט, וועלכע האט מיך פערווירט און בעטייבט איז דאס א זינדע ווען איך האב איהם געגלויבט? ווייסט איהר וויפיעל מיך קאסט זיין ליעבע? מיין גאנץ הערץ, מיין גאנץ לעבען אבער וואס קימערט דאס אייך, ווען דאס הערץ פון איין ארעם מעדכען בלוטעט? וואס קימערט דאס אייך ווען דאס הערץ פון איין ארמע יתומה ווערט אויף שטיקער צערבראכען? אייך קימערט

נָאר אַייעֶר שְׁטָאלְץ, אַייעֶר יוּחֲס ז. ל. בֶּעהִיטֶעע גאט נִישְׁט בֶּעפְלֶעקְט וֶוערֶען, אוּן נוּן קוּמְט אִיהר נָאךְ. מִיר אַנְגֶעבֶּע בֶּעלַיידִיגוּנְגֶען נָאכצוּשְׁלַיידֶערְן אִין דֶער גֶעגֶענְוַוארְט פוּן דֶעם מַאן וֶועלְכֶער מִיךְ לִיעבְּט? אִין דֶער גֶעגֶענְוַוארְט פוּן דֶעם מַאן וֶועלְכֶען אִיךְ פֶערְגֶעטֶער? אוּמְזָאנְסְט מַאדַאם אִיז אַייעֶר מִיה, אַייעֶר ווֹהן גֶעהֶערְט מִיר! אִיךְ הָאבּ פַאר אִיהם דָאס טְהַייעֶרְסְטֶע אִין דֶער וֶועלְט בֶּעצָאהלְט, פַאר גָאט, פַאר דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט וֶועל אִיךְ עֶס אָפֶען גֶעשְׁטֶעהֶען, אַרְנָאלְד גֶעהֶער מִיר, מִיר אַלַיין אוּן קֵיין אַנְדֶערֶע אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט!

**דבורה:** אָה דוּ שֶׁענְדְלִיכֶע, דֶענְקְסְטוּ וִוירְקְלִיךְ, דָאס אוּנְז דַיין פֶערְגַאנְגֶענְהַייט אוּנְבֶּעקַאנְט אִיז?

**הנה'לע:** מַיין פֶערְגַאנְגֶענְהַייט? אַיין בִּילְד פוּן עֶלֶענְד אוּן יַאמֶער, וַייט מַיינֶער קִינְדְהַייט הָאבּ אִיךְ קֵיין גְלִיקְלִיכֶען טָאג גֶעזֶעהֶען, וֶוען אִיךְ בִּין צֶעהן יָאהר אַלְט גֶעוֶועזֶען, אִיז מַיין מוּטֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען, מַיין פָאטֶער הָאט זִיךְ בַּאלְד גֶעטְרַייסְט אוּן אַיין יוּנְגֶע פְרוֹי גֶעהַייראַטֶעט, וֶוען אִיךְ בִּין צְוֶועלְף יָאהר אַלְט גֶעוֶועזֶען, הָאט מַיין שְׁטִיעפְמוּטֶער מִיךְ גֶעטְרִיעבֶּען אִיךְ זָאל גֶעהן פֶערְדִיענֶען, ווִי פִיעל טָאג פְלֶעג אִיךְ הֶערוּמְוַואנְדֶלֶען אִין דִי נֶעוְויָארְקֶער שְׁטְרַאסֶען אָהן אַיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט צוּ גֶענִיעסֶען? ווִי פִיעל קְלָלוֹת הָאבּ אִיךְ בֶּעקוּמֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶעם שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, וָואס מַיין שְׁטִיעפְמוּטֶער הָאט מִיר, ווִי אַיינֶעם הוּנְד, צוּגֶעוָוארְפֶען? צוּ מַיין פִיערְצֶעטֶען יָאהר הָאט דִי נַאטוּר מִיר מַיין פֶערְשְׁטַאנְד עֶנְטְוִויקֶעלְט, אִיךְ בִּין אַיינְגֶעטְרֶעטֶען אִין אַיין גְרוֹיסְאַרְטִיגֶען רֶעסְטוֹירַאנְט אַלְס קֶעלְנֶערִין, מַיין פָאטֶער הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעקִימֶערְט ווִי אִיךְ בִּין, מַיין שְׁטִיעפְמוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען צוּפְרִיעדֶען אַזוֹי לַאנְג אִיךְ הָאבּ אִיהר גֶעלְד גֶעבְּרֶענְגְט, יָא אִין זָאלְכֶע פְּלֶעצֶע בִּיעטֶען זִיךְ, פִיעלֶע גֶעלֶעגֶענְהַייטֶען צוּ זִינְקֶען פוּן שְׁטוּפֶּע צוּ שְׁטוּפֶּע, אָבֶּער גָאט אִיז מַיין עֵדוּת, דָאס נָאךְ דִיעזֶע אַלֶע פְּרָאבֶּען בִּין אִיךְ פוּן דָארְט הֶערוֹיס רַיין אוּן אוּנְשׁוּלְדִיג, בִּיז אִיךְ הָאבּ אַייעֶר זוּהן בֶּעגֶעגְנֶעט. נוּן מַיינֶע רִיכְטֶער! שִׁימְפְּפְט מִיךְ, בֶּעלַיידִיגְט מִיךְ, פֶערְדַאמְט דָאס הִילְפְלָאזֶע וַוייבּ, וַוייל זִי הָאט גֶעוַואגְט זִיךְ צוּ צוּהֶערֶען צוּ דִי זִיסֶע וָוארְטֶע פוּן לִיעבֶּע.

**דבורה:** זָעהסְטוּ מַיין קִינְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גַאנְץ רוּהִיג אַנְגֶעהֶערְט, און וָוען עֶס אִיז אוֹיךְ רִיכְטִיג דָאס דוּ אַיין אַנְשְׁטֶענְדִיגֶעס מֶעדְכֶען בִּיזְט דַארְפְסְטוּ אַלַיין פֶערְשְׁטֶעהן דָאס לִילְיֶענְטְהַאל אִיז נִישְׁט דַיין גְלַייכֶען, וָוען דוּ אִיהם אוֹיךְ לִיעבְּסְט, מוּסְט דוּ דִיךְ פוּן אִיהם עֶנְטְוָואָגֶען גָעה חַנָה'לֶע זוּךְ דִיר דַיין גְלַייכֶען און אוּנְס וָועלֶען דִיךְ און דַיין פָאטֶער נָאךְ קְרֶעפְטֶע שְׁטִיצֶען.

**חנה'לע:** נַיין מַאדַאם! אַייערע זִיסֶע וָוערְטֶער קֶענֶען נִישְׁט אוֹיף מִיר מֶעהר וִוירְקֶען, אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה אַלֶע אַייעָרע פְּלֶענֶער, אָבֶער מַיין פְּלַאץ אִיז דָא, דָא נֶעבֶּען אַייעָר זוּהן

**דבורה:** דַאן טְהוּט עֶס מִיר לַייד אַז אִיךְ וָועל מוּזֶען אַנְדֶערָע מִיטֶעל גֶעבְּרוֹיכֶען אוּם דִיךְ צוּ אִיבֶּערְצַייגֶען אַז דוּ בִּיזְט נִישְׁט מֶעהר וִוי אַ פְרֶעמְדָע.

**ארנאלד:** אָה מוּטֶער! טְהַייעָרֶע מוּטֶער! לָאזְט אוּנְז אַיין אוֹיגֶענְבְּלִיק אַלַיין, אִיךְ בֶּעט דִיךְ.

**דבורה:** גוּט מַיין זוּהן, אִיךְ וִויל עֶס דִיר נִישְׁט עֶנְטְזָאגֶען, אָבֶער אַרְנָאלְד מַיין זוּהן, אִיךְ הָאבּ דַיין פֶערְשְׁפְּרֶעכֶען. (אב)

**חנה'לע:** זָעהסְטוּ מַיין אַרְנָאלְד וָואס אַ פְרוֹי אִיז אִים שְׁטַאנְד צוּ אָפְּפֶערְן פַאר דֶעם מַאן, וָואס זִי לִיעבְּט? אִיךְ הָאבּ דִי גְרֶעסְטֶע מַארְטֶער עֶרְטְרַאגֶען און הָאבּ דָאךְ נִישְׁט עֶנְטְדֶעקְט דָאס דוּ בִּיזְט מַיין גֶעזֶעצְלִיכֶער מַאן!

**ארנאלד:** אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט!

**חנה'לע:** וָואס אִיז? הָאסְטוּ פִיעלַייכְט שׁוֹין פֶערְגֶעסֶען דָאס דוּ הָאסְט מִיךְ נָאךְ דֶעם יוּדִישֶׁען גֶעזֶעץ גֶעהַיירַאטֶעט?

**ארנאלד:** פֶערְפְלוּכְטֶער לַייכְטְזִין, בֵּיינַאה פֶערְגֶעסֶען.

**חנה'לע:** בֵּיינַאה פֶערְגֶעסֶען? אָה אַרְנָאלְד, אַרְנָאלְד! דָאךְ וַוארוּם בִּיזְטוּ אַזוֹי אוֹיפְגֶערֶעגְט? וַוארוּם צִיטֶערְסְט דוּ? חַנָה'לֶע וִויל גֶערְן פַאר דַיין וָואהל שְׁטֶערְבֶּען, מַיינֶע לֶעבֶּע צוּ דִיר אִיז שְׁטַארְקֶער אַלְס דֶער טוֹיט! צֶערְטְרֶעט מִיךְ מִיט דַיינֶע פִיס, הַיירַאטֶע מִיט וֶועמֶען דוּ וִוילְסְט, אִיךְ וָועל קֵיינְמָאל נִישְׁט עֶנְטְדֶעקֶען דָאס דוּ גֶעהֶערְסְט גֶעזֶעצְלִיךְ מִיר! דִי הַיירַאטְה, וָואס אִיז דִי הַיירַאטְה? נִישְׁט מֶעהר אַלְס

אום אונז צו שיצען פאר די פערלייםדונג פון בייזע צונגע, אָבער קיינמאל נישט װעט איין טאָגענדהאפטע פרוי מיט געװאַלט איהר רעכט פערלאַנגען פון דעם מאן װעלכער זי פעראַכטעט, איך װעניגסטענס נישט! ליעבסטו מיך נישט מעהר אַרנאָלד? אַזוי ביזטו פון יעדען בונד פריי, איך שװער עס דיר!

**ארנאלד:** אָה האַנה׳לע, דו ביזט אַ געטין! חנה׳לע װאָס זאָל איך טהון?

**חנה׳לע:** הערצענבעליעבטער אַרנאָלד! טהו נאָר דאָס װאָס דיר גליק פערשאַפען זאָל און צופריעדענהייט, נאָר איינס מיין געליעבטער, דו ווייסט איך װער באַלד מוטער, זאָל דען מיין עהרליך קינד אונשולדיגער װייזע פון דער גאַנצער װעלט געטאָדעלט װערען.

**ארנאלד:** אַלמעכטיגער גאָט! איז עס װאָהר?

**חנה׳לע:** יאָ עס איז װאָהר!

**ארנאלד:** חנה׳לע לייקען עס.

**חנה׳לע:** איך קען נישט!

**ארנאלד:** אונגליקליכע, לייקען עס זאג איך!

**חנה׳לע:** דאַרף אויך די געזעצליכע פרוי, איהר קינד פערלייקענען?

**ארנאלד:** אונגליקליכע לייקען עס, אָדער איך ערמאָרדע דיך.

**חנה׳לע:** איך קען נישט.

**ארנאלד:** גאָט, איך װער װאַהנזיניג!

**חנה׳לע:** מיין מאַן!

**ארנאלד:** שװייג אונגליקליכע! יעצט קען איך דיך גוט, מיינע עלטערן האָבען רעכט! דאַדורך האָסטו מיך געצװאונגען דיך פאַר מיינע פרוי צו מאַכען, אום אויף מיינע רעכנונג אַלע שאַנדטהאַטען אויסאיבען צו קענען? דו האָסט מיך געליעבט װייל איך בין געװען דיין שקלאַװע, און פערטיג אויף דיין װאונש די גאַנצע װעלט צו ערמאָרדען, אָבער אונטער מיין דיקען האָסטו מיך אויסגעלאַכט און בעטראָגען!...

**חנה׳לע:** אַלמעכטיגער גאָט!

**ארנאלד:** יעצט קומסטו און װילסט מיך צום פאַטער מאַכען פון איין קינד, װעלכעס װעט גאָר נישט מיר געהערען.

הנה׳לע: איך ערשטיקע.

ארנאלד: דו האסט עס שלעכט קאלקוליערט, דער פלאן איז דיר נישט געלונגען, נישט געלונגען.

הנה׳לע: מארד און טויט ערפילט יעצט אין מיין פערוואונדערטעס הערץ, אונמענש, בעסער וואלסט דו מיך טויט געשלאגען, בעפאר מיך אזוי צו בעליידיגען. — גייכט פון מיין פערשטארבענער מוטער! ויי דו מיין עדות! אה הימעל! נעהם דיך אהן פאר דער אונגליקליכער יתומה שיקע דונער און בליץ צו פערניכטען דיעזען שענדליכען פערפיהרער, שורקע, אונמענש, באנדיט (הייבט די הענד און לאזט זיי פאלען) איך קאן נישט, איך קאן נישט אויפהייבען מיינע הענד איבער מיין הערר, איבער דען פאטער פון מיין קינד, איך קאן נישט אויפטרעטען געגען דעם מאן, וועלכען איך האב פאר גאט טריי געשוואורען... פערצייהע מיר ארנאלד!... אה יא!... דו האסט רעכט איך האב עס פערדיענט, פאלשטענדיג פערדיענט, אבער דו ביזט נישט ביין, דיינע ווערטער האבען מיך אביסעל בעליידיגט און איך האב געוואגט... דו פערצייעסט מיר, נישט וואהר? דא גיב איך דיר צוריק דיין ערשטעס געשענק (לעגט אנידער א מעדאליאן אויף׳ן טיש) נעהם אויך צוריק דעם קאסטבארען פרעזענט, וועלכער האט אומגעהילט מיין ארימען קערפער (טהוט אוים דעם מאנטעל) און דא אויך דאס לעצטע דאס טהייערסטע (נימט ארוב דעם רינג קישט איהם, לעגט איהם אויף׳ן טיש) יעצט בין איך דיר גאר נישט מעהר שולדיג, נישט וואהר? אויך דו מיין ארנאלד האסט מיר עהרליך בעצאהלט, נו, לעב וואהל! האסטו קיין ווארט פאר דער אונגליקליכער עלענדער יתומה?... חה חה דו האסט רעכט... (אב). — (ארנאלד געהט צו צום טיש נעמט דאס מעדאליאן, בעטראכט שנעל דאס בילד און וועהרענד חנה ערשיינט ביים פענסטער פאלט ער אין אהנמאכט מיט דעם בילד ביי די ליפען).

## פ א ר ה א נ ג.

ענדע פונ׳ם ערשטען אקט.





# צְווֵייטֶער אַקְט.

בײ מר. קאָהן. — הײבער זאאל, הינטערגרונד איין פּענסטער אין װעלכען עס װאקסען אַריין בלומען, דאנעבען איין דיװאָן אויף װעלכען עס זיצט ראָזא מיט אַ בלום אין די האנד.

**ראזא:** עֶנְטְפַאלְטֶע דיך אוּנְשׁוּלְדִיגֶע רָאזַא און לָאז דַיין וִיסֶער גְרוּךְ מִיךְ פֶּערְגֶעסֶען מַאכֶען אָן אַלֶע מַיינֶע שְׁמֶערְצֶען, ווַיינֶע נִישְׁט טְהֵייעֶרֶע בְּלוּם איך בִּין נִישְׁט גְלִיקְלִיכֶער אַלְס דוּ, אויך אִיךְ וֶועלְקֶע פוּן טָאג צוּ טָאג, דֶעם פוּילֶען נַאסֶען הֶערְבְּסְט וֶועלֶען מִיר בֵּיידֶע נִישְׁט עֶרְלֶעבֶּען... דָאךְ בִּיזְטוּ גְלִיקְלִיכֶער אַלְס אִיךְ, דַיין פְרִיהְלִינְג דֶער וִוירְד שְׁנֶעל צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אָבֶּער אִיךְ? אַכְט יָאהר, אַכְט לַאנְגֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע יָאהר (זיפצט) אָה אַרְנָאלְד!

(איינטריט מר. קאָהן)

**קאהן:** רָאזַא מַיין קִינְד!

**ראזא:** פַאטֶער! (פאלט אויף זיין ברוסט).

**קאהן:** אוּנְגְלִיקְלִיכֶעס קִינְד וָואס וִוילְסְטוּ? רֶעד דָאךְ אֵיינְמָאהל וִוילְסְטוּ דֶען דֶעם פֵיינֶעם הֶערְרן לִילְיֶענְטְהַאל צְווִינְגֶען דִיךְ צוּ לִיעבֶּען? וואוּ אִיז דֶען דַיין אֵייגֶענְלִיעבֶּע? וואוּ אִיז דֶען דַיין פְרוֹיֶענְשְׁטָאלְץ?

**ראזא:** שְׁטָאלְץ? וִוי קָאן מֶען שְׁטָאלְץ זַיין וֶוען דָאס הַארְץ אִיז גֶעבְּרָאכֶען?

**קאהן:** וֶועה מַיין קִינְד אִיךְ וֶועל דִיךְ נִישְׁט קְרֶענְקֶען, אָבֶּער גְלוֹיבּ עֶס מִיר, גְלוֹיבֶּע עֶס דַיינֶען פָאטֶער, דָאס דוּ וֶועסְט עֶס בֶּערֵייהֶען, דַיין אוֹיפְפִיהרוּנְג מַאכְט מִיךְ קְרַאנְק און שְׁוַואךְ, אִיךְ פִיהל דָאס מַיינֶע קְרֶעפְטֶע פֶערְלָאזֶען מִיךְ, און בַּאלְד וֶועט מִיךְ דֶער טוֹיט מִיט דַיינֶער גָאטְזֶעלִיגֶען מוּטֶער פֶערְאֵיינִיגֶען.

**ראזא:** פַאטֶער!

**כאהן:** הָאסְטוּ דֶען נִיעמַאלְס דַארַאן גֶעדַאכְט? יָא מַיין קִינְד דַאן וֶועסְטוּ בְּלַייבֶּען עֶלֶענְד, אַלֵיין אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט.

**ראזא:** הַאלְט אֵיין פַאטֶער! דוּ צֶערְבְּרַאכְּסְט מִיר מַיין הַארְץ, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן?

**כאהן:** פָאלְג דַיין פַאטֶער אוּן וֶועסְט וֶעהֶען דָאס דוּ וֶועסְט נָאךְ גְלִיקְלִיךְ זַיין! אִיךְ וֶועל אַלֶע אוּנְזֶערֶע הַייזֶער פֶּערְקוֹיפֶען, מִיר וֶועלֶען אַ וֶועקְפָאהְרֶען נָאךְ אֵייְרָאפַּא, דָארְט וֶועסְט דוּ דִיךְ עֶרְהָאלֶען אוּן דַיינֶע יוּגֶענְד וֶועט וִויעדֶער אוֹיפְבְּלִיהֶען וִוי אַמָאהל אִין דֶער גְלִיקְלִיכֶע צַייט.

**ראזא:** וִוידֶער אוֹיפְבְּלִיהֶען? אָבְּוָואהל דֶער הֶערְבְּסְט רִיקְט אָן?

**קאהן:** וָואס מֵיינְסְטוּ מַיין קִינְד?

**ראזא:** (ווייזט איהם איהר בלום) וֶועהְסְטוּ לִיעבֶּער פַאטָער? זִי וֶועלְקְט, זִי מוּז וֶועלְקֶען.

**קאהן:** נוּ? ווילְסְטוּ דֶען אוֹיךְ אַזוֹי הָאפְנוּנְגְסְלָאז פֶּערְוֶועלְקֶען? אַכְט יָאהר אִיז זַייט דוּ בִּיזְט מִיט אַרְנָאלְד פֶערְלָאבְּט, אוּן עֶר דֶענְקְט נִישְׁט אַמָאהל דִיךְ צוּ הֵייַראטֶען, הֶער מַיין קִינְד! דָא מוּז אֵיין שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעהֵיימְנִיס אָדֶער אֵיין שְׁרֶעקְלִיכֶע לִיעבֶּעסְאִינְטְרִיגֶע פֶערְקְנִיפְּפְט זַיין פוּן וֶועלְכֶעם דוּ וִוירְסְט צוּם אָפְּפֶער פַאלֶען, דָאךְ מֶעהר קָאן אִיךְ נִישְׁט רֶעדֶען, אִיךְ הָאבּ גֶענוּג גֶעוָאגְט, טְהוּ וִוי דוּ ווִילְסְט, אוּן גָאט זָאל דִיר הֶעלְפֶען. (אב).

**ראזא:** פַאטֶער! (זי בלייבט ביי דער טהיר שטעהן) אוּנְגְלִיקְלִיכֶער פַאטֶער! אִיךְ ווֵייס וָואס עֶס גֶעהט פָאר אִין דַיין הַארְץ, אִיךְ פִיהל וִויפִיעל דוּ לֵיידֶעסְט, אִיךְ ווִיל צוּ דַיין, וִוי אוֹיךְ צוּ מַיין לֵיידֶען אֵיין עֶנְדֶע מַאכֶען. (זי נעהמט ארויס פון בוזען איין פראָשעק) דָאס אִיז דָאס אֵיינְצִיגֶע אוּן בֶּעסְטֶע מִיטֶעל אוּם פוּן דִיעזֶען לֵיידֶען אוֹיף אֵיינְמָאהל בֶּעפְרֵייעט צוּ וֶוערֶען (זי שיט דעם פראָשעק אין א גלאז וואסער) אִיךְ בִּין פֶּעסְט עֶנְטְ־שְׁלָאסֶען. דֶער פַאטֶער וֶועט אֵיין קוּרְצֶע צַייט וַויינֶען אָבֶּער נָאכְהֶער וֶועט עֶר אָן אַלֶעם פֶערְגֶעסֶען, לֶעבּ וָואהל פַאטֶער! פֶערְצֵייהֶע דַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶעם קִינְד. (זי וויל עס אויסטרינקען).

(עס ערשיינט זאָפּאָרט ליזא קלאָפּ).

**ליזא:** גוט מאָרגען מוס קאהן, גאָט זאָל איך בּענטשען.

**ראזא:** (ערשרעקט, לאָזט פאלען דאס גלאז) וואָס ווילען זי פון מיר? וועד זענען זי?

**ליזא:** (אפּארט) טאַקע אמת, די וועלט זאָגט אז די ליעבּע פערשטעלט די אויגען, איהר דערקענט מיך נישט? מיין נאָמען איז ליזא קלאָפּ און איך דיען בּיי מיסטער ליליענטהאל.

**ראזא:** וואָס מאַכט מיסטער אַרנאָלד?

**ליזא:** ער איז קראַנק.

**ראזא:** מיין גאָט! ער איז קראַנק?

**ליזא:** (אפּארט) דאס הייסט פערליעבּט איבּער די אויערען. נו, וואָס־זשע איז אַזא גדולה אויף דיר ליזא קלאָפּ? בּיזט דו דען נישט פערליעבּט? איז דיר דען נישט דיין הערץ צערבּראָכען? (וויינט) אוי טשאַלי, טשאַלי! וואַרט די ווייסטער גרינהאָרן, איך וועל דיר ווייזען.

**ראזא:** וואָס איז מיט איך? וואָס איז געשעהן?

**ליזא:** וואָס זאָל זיין? איך זאָג אז אַלע מענער טויגען אויף כּפּרות.

**ראזא:** אָבּער זייט נישט אַזוי אויפגערעגט.

**ליזא:** זיי זענען אַלע נישט גוט.

**ראזא:** אָבּער שרייט דאָך נישט אַזוי.

**ליזא:** זיי זענען געמיינע ליגנערס, אוי, איך וועל זיי ווייזען ווער מיס קלאָפּ איז. אוי, אונגליקליכע פרויען, שוואַכע לעמילעך. (וויינט).

**ראזא:** מיס ליזא! וועט איהר מיר ענדליך זאָגען, נאָך וואָס איהר זענט צו מיר געקומען?

**ליזא:** עקסקיוז מוא מיס קאהן! איך האָבּ שוין באַלד פערגעסען, איך בּין געקומען איך איין זעהר וויכטיגע זאַך צו פערטרויען.

**ראזא:** און?

**ליזא:** מיס קאהן זייט נישט בּייז וואָס איין אָרים דיענסט־מיידעל ערלויבּט זיך מיט איך אַזוי צו רעדען, איך בּין געקומען צו איך וואָרנען און איך בּעטען איהר זאָלט פּערגעסען, און זיך פון קאָפּ אַרויסשלאָגען די ליעבּע צו מיסטער אַרנאָלד!

**ראזא:** וָואס אִיז דָאס פַאר אַ פְרֶעכְהַייט? וָוער הָאט עֶס אַייךְ עֶרְלוֹיבְּט? וִוי וַואגְט אִיהר אַייךְ מִיט מִיר פוּן אַזוֹי אַ זַאךְ צוּ רֶעדֶען?

**ליזא:** אִיךְ וַויים אַז אִיךְ הָאבּ מִיר עֶרְלוֹיבְּט צוּפִיעל, אָבֶּער מַיין פְרַיינְדְ-שַׁאפְט צוּ אַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶער הָאט מִיךְ דֶערְצוּ גֶעצְווּאוּנְגֶען! מִיס קָאהן, אִיהר וֶועט אוֹיךְ נִישְׁט מֶעהר וִוי. אַיין שְׁוַואכֶעס פְרוֹיעֶנְצִימֶער וָואס וָואלְט אִיהר גֶעזָאגְט וֶוען אַ מַאן זָאל אַייךְ אַנְאַייבִּיגֶע לִיעבֶּע שְׁוֶוערֶען, וֶוען עֶר זָאל אַייךְ אִין גֶעהַיים הֵייראַטֶען, אַייךְ צוּ דֶער מוּטֶער פוּן זַיין קִינְד מַאכֶען, אוּן נָאכְדֶעם אַייךְ פֶערְשְׁטוֹיסְען, וָואס וָואלְט אִיהר גֶעזָאגְט?

**ראזא:** וַוייבּ! וָואס וִוילְסְט דוּ? אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה דִיךְ נִישְׁט, פוּן וֶועמֶען הָאסְט דוּ גֶערֶעדְט?

**ליזא:** פוּן אַרְנָאלְד׳ס פְרוֹי!

**ראזא:** וִוי?! (האפּט זי ביים האלז) אוּנְגְלִיקְלִיכֶע אִיךְ עֶרְמָארְדֶע דִיךְ.

**ליזא:** (רייסט זיך אויס) אָט הָאבּ אִיךְ מִיךְ אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען.

**ראזא:** זַיין פְרוֹי? וֶוער אִיז זִי?

**ליזא:** עֶס מַאכְט נִישְׁט וֶוער זִי אִיז! אִיךְ וֵויים אַז זִי אִיז גֶעוֶועזֶען אַיין אָרִים אָבֶּער אַיין אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס מֵיידֶעל פוּל הָאפְנוּנְג אוּן לֶעבֶּען, אַצִינְד שְׁמַאכְט זִי אִין עֶלֶענְד אוּן אִין אָרִימְקַייט מִיט אִיהר קִינְד, אוּן דָאךְ שְׁוַוייגְט זִי! זִי הָאט אִיהם אַזוֹי לִיעבּ אַז זִי וִויל אִיהם קֵיין שְׁלֶעכְטְס טְהוּן, זִי וִויל לִיעבֶּער אוֹיף אִיהרֶע רֶעכְטֶע פֶערְצִיכְטֶען אוּן שְׁטֶערְבֶּען פַאר הוּנְגֶער אַיידֶער אִיהם שְׁלֶעכְטְס צוּ טְהוּן, הֶערְט אִיהר דָאס מִיס קָאהן? אַיין פְרוֹי פֶערְצִיכְטֶעט אוֹיף אִיהר מַאן, וַוייל זִי הָאט אִיהם לִיעבּ, דָאס הֵייסְט אַיין מוּסְטֶער פוּן עֶהרְלִיכְקַייט!

**ראזא:** גָאט! אִיךְ וֶוער פְּעֶרְרִיקְט!

**ליזא:** אוּן מֵיינְט אִיהר אֶפְשַׁר אַז עֶר הָאט זִי פֵיינְד? עֶר לִיעבְּט זִי נָאר וִוי אַ וַואהְנְזִינִיגֶער, נָאר זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען אוֹיף אִיהר אַלְדֶעס בֵּייז אוֹיסְגֶערֶעדְט וַוייל זַיי ווִילֶען עֶר זָאל הֵייראַטֶען מִיט אַייךְ אָדֶער רִיכְטִיגֶער גֶעזָאגְט מִיט אַייעֶר גֶעלְד וַוייל דִי פִירְמַא הַאלְט בַּיים בְּרֶעכֶען, אוּן דַארוּם אִיז עֶר נָאר וִוי פֶערְרִיקְט, עֶר וַוייסְט נִישְׁט צִי זָאל עֶר רֶעטֶען דִי עֶהרֶע פוּן זַיינֶע אַרִיסְטָאקְרַאטִישֶׁע עֶלְטֶערְן, אָדֶער

זיך פון זיי ענטזאגען און געהן צו זיין פרוי! נאר ביי אייך אין דער האנד איז עם די אונגליקליכע צו רעטען, ביי גאט זייט א גוט פריילין!

**ראזא:** אונגליקליכער ארנאלד! אצינד פערשטעה איך וויפיעל דו ליידעסט, נו פאר וואס קלאפט אזוי מיין הערץ? איין פרוי פערציכטעט אויף איהר אייגענעם מאן וייל זי ליעבט איהם, דאן מוז דאך די געליעבטע אוודאי פערציכטען! ניין אונגליקליכע אונבעקאנטע איך וועל דיר נישט דיין גליק רויבען, איך אליין וויל דיך אין די ארמע פון דיין מאן פיהרען! דו קאנסט זי, האסט דו געזאגט? גוט דו ווערסט מיך צו איהר פיהרען! איך וויל זי זעהען, זי טרייסטען, איהר גליק, וועט ליגדערן די וואונדען וועלכע איך טראג זייט אכט יאהר אין מיין ברוסט, פאטער! איך בין גערעטעט, געה מיין קינד זאג איהר דאס די אונגליקליכע וועט נאר דאמאלס גליקליך זיין, ווען זי וועט די אונגליקליכע גליקליך זעהן (אב).

**ליזא:** דאס איז רייד (אב).





## פערוואנדלונג.

שטראסע. — ליזא אליין.

**ליזא:** אָבֶער אַוֶועלְכֶעם קָאן נָאר אִיךְ, נָאר אְיךְ לִיזַא קְלָאפּ, אִיךְ וֶועל מִיר מַאכֶען אַ שֵׁם אִין אַלֶע פִּיעֶר עֶקֶען דָער וֶועלְט, אִין מִוְרח, אִין מַעֲרָב, אִין צָפוֹן, אִין דָרום.

I,

אִין מִוְרָח אִין מַעֲרָב אִין דָרוֹם אִין צָפוֹן
אִין אַלֶע פִּיעֶר עֶקֶען דֶער וֶועלְט
הָאט אִיהר שוֹין גֶעזֶעהֶן אַזַא מויד אוּנְבֶּערוּפֶען
ווִי אִיךְ וָואס אַ יֶעדֶען גֶעפֶעלְט
קָאן קָאכֶען קָאן בַּאקֶען קָאן וַואשֶׁען קָאן שְׁטְרִיקֶען
קָאן אַלֶעם וָואס אַ מַאן בֶּעגֶעהְרְט
קָאן אַלְטֶע קָאן יוּנְגֶע מִיט מַיין בְּלִיק עֶנְטְצִיקֶען
אִיךְ הָאב אַלֶעם וָואס גָאט הָאט בֶּעשֶׁערְט
און קְרִיעג אִיךְ אַמָאל אַ מַאן
וָואס אִיז נִישְׁט ווִי סְ׳בֶּעדַארְף צוּ זַיין
אוֹי וֶועט עֶר קְרִיעגֶען
אִיז מִוְרָח אִין מַעֲרָב אִין דָרוֹם אִין צָפוֹן
עֶר זָאל זַיין לֶעבֶּען בֶּעריֶיעֶן
און גֶעדֶענְקֶען אַז אִיךְ בִּין אַ מויד אוּנְבֶּערוּפֶען
וָואס לָאזְט זִיךְ אִין דָער קַאשֶׁע נִישְׁט שְׁפַּייֶען.

II.

חַיָה שָׂרָה דִי גְרָאבֶּע אִיז אוֹיךְ אוּנְבֶּערוּפֶען
אַ פְּרוֹי פוּן אַ צְווייא הוּנְדֶערְט פוּנְט

זִי הָאט גֶעהַאט פִּיעָר מֶענֶער גָאט זָאל מִיךְ נִישְׁט שְׁטְרָאפֶען
אוּן אִיז נָאךְ קֵיין ע״ה גֶעזוּנְד
אוּן וְוִי זִי הָאט זִיךְ דֶעם פִינְפְטֶען אוֹיסְגֶעוָועהלְט
הָאט מִיךְ שׁוֹין דִי נַייגִיעֶר גֶעפְּלַאגְט
אִיךְ פְּרֶעג זִי מַיין לִיעבֶּע חַיָה שָׂרָה דֶערְצָעהלְט
וְוִי הָאט אִיהר דִי אַנְדֶערֶע פֶּערְפַּאקְט
אִיהר מֵיינְט אַוַדְאַי דִי אַנְדֶערֶע פִּיעָר
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט פוּן פְרִיהָער
זַיי לִיגֶען
אִין מִזְרָח אִין מַעֲרָב אִין דָרוֹם אִין צָפוֹן
זַיי זָאלֶען זִיךְ פַאר אוּנְז שׁוֹין מִיהֶען
אִיךְ קוֹיף אִיךְ קוֹיף פֶּערְשְׁטֶעהט אִיהר מִיךְ הָארְטָאוְונָע דִי קְבָרִים
אוּן הָאף אַז דֶער וָועט אויךְ בַּאלְד אַהִין

III.

אִין מִזְרָח אִין מַעֲרָב הָאבּ אִיךְ מִיר עֶרְוָוארְבֶּען פְרַיינְדֶע
פֶּערְעֶהרֶער וָועהר פִּיעל
וַוייל אִיךְ הָאבּ נָאךְ קֵיין רָאלֶע פֶּערְדָארְבֶּען
עֶס אִיז גַאנְץ עֶגַאל וָואס אִיךְ שְׁפִּיעל
וָועהט אִיהר מִיךְ מִיט דֶעמְזֶעלְבֶּען הוּמָאר און פְלַייס
אַ יֶעדֶעס מָאל וֶוען אִיךְ פַאר אַייךְ עֶרְשַׁיין
דֶען דָאס אַלַיין הָאט גֶענוּג בֶּעוַייז
דֶען אִיךְ הֶער דִי שְׁטִימֶע דָארְט שְׁרַייעֶן
נוּ אוּן פוּן וַואנֶען קוּמֶען
דֶען דִי גֶעוִויסֶע שְׁטִימֶען
פוּן מִזְרָח אִין מַעֲרָב אִין דָרוֹם אִין צָפוֹן
הָאבּ אִיךְ מַיינֶע פְרַיינְד דֶערְקֶענְט
וַוייל אִין מִזְרָח אִין מַעֲרָב הָאט קֵיינֶער גֶעשְׁלָאפֶען
אוּן קְלִיאַטְשֶׁען מִיר שְׁטַארְק מִיט דִי הֶענְד.

(אייפטריט טשאלי).

**ליזא:** הוּרַיי פַאר אַלֶע פְרוֹיעֶן.

**טשאלי:** הוּרַיי פַאר אַלֶע מֶענֶער, הוּרַיי פַאר אַלֶע וְשֶׁענְטֶעלְמֶענֶער.

ליזא: וָוער וואַנְט עֶס דִיזֶע בֶּעטְרִינָער צוּ פֶּערְטַיידִינֶע? נִיעדָער מִיט דִיעזֶע בֵּייזֶע שְׁלֶעכְטֶע מֶענֶער.

טשאלי: נִיעדֶער מִיט דִי פַאלְשֶׁע קֶעטְק.

ליזא: אַלֶע פְרויֶען לָאמֶער זִיךְ מַאכֶען אֵיין הַאנְד.

טשאלי: אַלֶע מֶענֶער לָאמֶער זִיךְ מַאכֶען צְוַויי הֶענְד.

ליזא: לָאמֶער זַיי אוֹסְדְרַאפֶּען דִי אוֹיגֶען!

טשאלי: לָאמֶער זַיי אָבְּשְׁנַיידֶען דִי צִינְגֶען.

ליזא: אִיהר וֶענְט אַלֶע לִיגְנֶער.

טשאלי: און אִיהר בֶּעטְרִיעגְט אוּנְז אוּנְטֶער דִי פְּלֵייצֶעס.

ליזא: אִיהר צֶעבְּרֶעכְט אוּנְז דִי הֶערְצֶער.

טשאלי: און אִיהר פֶּערְדְרֶעהט אוּנְז דִי קֶעפּ.

ליזא: אִיהר שְׁלָאגְט אוּנְז.

טשאלי: און אִיהר דְרַאפֶּעט אוּנְז.

ליזא: מִיר וֶענֶען אַייעֶרֶע דִיעֶנְכְטֶען.

טשאלי: און מִיר אַרְבֵּייטֶען פַאר אַייךְ ווִי דִי עֶזֶלֶען.

ליזא: שְׁווַייג זָאג אִיךְ!

טשאלי: שְׁטִיל זָאל זַיין!

ליזא: בְּרֶעגְג מִיךְ נִישְׁט אִין כַּעַס!

טשאלי: זַיי נִישְׁט קֵיין עַזּוּת פָּנִים!

ליזא: הַאלְט דָאס מוֹיל!

טשאלי: טְרֶעפֶּען זָאל דִיךְ אַ קוֹיל!

ליזא: (בייז) טְשַׁאלִי! } בּיס
טשאלי: לִיזַא! }

ליזא: וֶוען וֶועלֶען מִיר בֵּיידֶע חֲתוּנָה הָאבֶּען?

טשאלי: טְפוּ זָאלְסְטוּ וֶוערֶען הָאט אִיהר גֶעוֶעהן אֵיין אוּנְגְלִיק? אָבֶער אַלֶע

מײדען װאָס װעבען אַלט, װעבען נעבװעז און שרײען אַלע אויף די צײהן. זאָגזשע אַז דו װילסט חתונה האָבען, אַלרײט! סאװיסאַ אַ קבצן, מיר װעלען אי"ה בײדע שטאַרבען פֿאַר הונגער, סיװעט אַזש קנאַקען!

**ליזא:** איך װיל אָבער שוין.

**טשאלי:** שוין שפּיעל אויף אַ חתונה!

**טשאלי:** װילסטו חתונה האָבען ליזא קלאַפּ.
**ליזא:** איך װיל, איך װיל, איך װיל, טהו מיר עפּיס.
**טשאלי:** פֿערדרעהען װעסטו דיר דעם קאָפּ.
**ליזא:** װײל איך װיל איך דװקא שוין שוין.
(בּיס)

**טשאלי:** צװײ דליתים האָבען חתונה אָהן אַ פּעני אָהן אַ סענט.

**ליזא:** און צװײ מתים געהען טאַנצען מיט לײדיגע פֿיער הענד.

**טשאלי:** װאָס זשע זאָגסטו?

**ליזא:** איך װיל, איך װיל, איך װיל.

**טשאלי:** שלימזל װאוהין קריכסטו?

**ליזא:** איך װיל, איך װיל איך װיל.

**טשאלי:** װילסטו חתונה האָבען א. ז. װ. (ביז שוין).

**טשאלי:** נאָך דער חתונה דאַרף מען צאָהלען מיטהע.

**ליזא:** װאָסזשע געהט מיך אָן.

**טשאלי:** און דעם העקער, און קלײטעל, און גלאַט אַזױ אַ פּרוטה.

**ליזא:** װאָסזשע געהט מיך אָן.

**טשאלי:** און אַז מען צאָהלט קײן מיטהע װאַרפט מען פֿון דער דירה אַרױס.

**ליזא:** װאָסזשע געהט מיך אָן.

**טשאלי:** װאָס װאָס.

**ליזא:** העער װאָס.

**טשאלי:** װאָס װאָס.

**ליזא:** זוך איך מיר אײן אַנדערע דירה אַרױס.

**טשאלי:** גֶעהֶערְט... און אַז גָאט בֶּענְשְׁט אונְז צום יָאהר מִיט אַ קִינְד.

**ליזא:** ווִיל אִיךְ דַוְקָא דַוְקָא וָוער צווָעצְט.

**טשאלי:** און פוּן יָאהר צום יָאהר וָוערְט אַזוֹי מִיר נִישְׁט דיר נִישְׁט אַ הַאלְבּ מִיץ גֶעשְׁווִינְד.

**ליזא:** ווִיל אִיךְ דַוְקָא דַוְקָא וָוער צוּ שְׁפְּרִינְגֶען הֶערְצְט טְשַׁאלִי.

**טשאלי:** יָא עֶס וָועט אַרוֹיס אַ טְשַׁאלִי און אַ חַאלִי,
און אַ זָרַח, און אַ בָּרוּךְ,
און אַ יוֹלִיק, און אַ שׁוּלִיק,
און אַ יְרַחֲמִיאֵלִיק, און אַ שְׁמוּאֵלִיק,
עֶס וָועט דִיר אַזְשׁ פִינְסְטֶער וָוערֶען אִין דִי אוֹיגֶען,
אִיךְ ווִיל ווִיסֶען יָא יָא, נַיין נַיין,
ווִילְסְטוּ חֲתוּנָה הָאבֶּען לִיזַא קְלָאפּ... (ביז שוין. — ביידע אב).





## פערוואנדלונג.

(צימער ביי לעווינזאהן). — אויפטריט מ א ק ס.

**מאקס:** שְׁטִיל זַיין און צֶעכְטִיג, קַיין צַייכֶען פון אַרְמוּטְה, און דָאךְ וַוייסְט נִיעמַאנְד וִויפִיעל טְרֶערֶען עֶס וֶוערְט אוּנְטֶער דִי פִּיער וֶוענְד טֶעגְלִיךְ פֶערְגָאסֶען, בֵּיי גָאט, מִיר רַייסְט דָאס הֶערְץ מִיט דִי אוּנְגְלִיקְלִיכֶע, אָבֶער אַיין וִוינְדֶער, וִוי אִיז דָאס קִינְד? (זעצט זיך ביים טיש).

(אויפטריט ק י נ ד).

**קינד:** (פערשטעלט מאקס'ן די אויגען) טְרֶעף.

**מאקס:** חַנֶה'לֶע.

**קינד:** נֵיין'

**מאקס:** אַרְנָאלְד?

**קינד:** נֵיין.

**מאקס:** הֶערִי.

**קינד:** גֶעטְרָאפֶען, חַ חַ הַ גֶעטְרָאפֶען. (מאקס נעמט דאס קינד אויף די שויס).

(אויפטריט ל ע ו ו י נ ז א ה ן).

**מאקס:** (קישט דאס קינד). חַ חַ חַ דוּ לִיעבֶּעס קִינְד, אָה גוּט מָארְגֶען הֶערר לֶעוֶוענְזָאהן עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט אִיךְ הָאבּ אַייךְ נִישְׁט בֶּעמֶערְקְט.

**לעווענזאהן:** עֶס מַאכְט נִישְׁט אוֹיס, שְׁטֶערְט אַייךְ נִישְׁט וֶועגֶען מִיר.

**מאקס:** נוּ, וִוי גֶעהט עֶס אַייךְ אַלְטֶער פְרֵיינְד?

**לעווענזאהן:** אִיךְ מֵיין אַז מֶען קוּקְט מִיךְ אָהן דַארְף מֶען שׁוֹין אֶפִילוּ נִישְׁט פְרֶעגֶען וִוי אַזוֹי מִיר גֶעהט, נָאר וָואס זָאל מֶען טְהוּן? מָען מִיטְשֶׁעט זִיךְ, מֶען אַרְבֵּייט צוּ בִּיסְלֶעךְ, עֶס אִיז נִישְׁט גוּט.

**מאקס:** וִוי אִיז חַנֶה'לֶע?

לעווענזאהן: אַ וַדאי גֶעגַאנְגֶען אַרייַנְוָוארְפֶען אַ בְּרִיעף אִין קֶעסְטִיל. וָואס דֶען זָאל זִי נֶעבִּיךְ טְהוּן? זִי הַאלְט אִין אַיין שְׁרַייבֶּען טָאג אַזוֹי וִוי נַאכְט. אַזוֹי וִוי דִי וַואנְד עֶנְפֶערְט אַזוֹי עֶנְפֶערְט מֶען אִיהר, עֶס נַאט אַייךְ אַ שְׁמֶעק טַאבַּאק פַאר דֶער הַיינְטִיגֶער וֶועלְט.

מאַקס: אִיז זִי שׁוֹין לַאנְג אַ וֶועק?

לעווענזאהן: אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען הָאבּ אִיךְ זִי שׁוֹין נִישְׁט גֶעטְרָאפֶען, מִיר דַאכְט זִיךְ אַז וֶוענִיגֶער פוּן מִיר קָאן שׁוֹין קַיין מֶענְשׁ שְׁלָאפֶען אוּן בִּפְרַט אַ יוּנְגֶער מֶענְשׁ. אוּן זִי? אַיי אַיי טַא מִן הַסְתָּם אִיז גָאט גֶערֶעכְט. אַז אִיהר וֶועט אַזוֹי גוּט זַיין אַבִּיסֶעל אוֹיסְוַוארְטֶען וֶועט זִי מִן הַסְתָּם בַּאלְד קוּמֶען. הֶערְשֶׁעלִי זָאלְסְט נִישְׁט אַוֶועקְגֶעהן בִּיז דִי מַאמֶע וֶועט קוּמֶען, עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט, אִיךְ מוּז גֶעהן אִין שׁוּהל אַרַיין דַאוְוִינֶען.

קינד: יָא זַיידֶענְיוּ, גֶעה אִין שׁוּהל אַרַיין בֶּעט גָאט פַאר דִיר, פַאר מִיר, אוֹיךְ פַאר דִי מַאמַא אוּן פַאר'ן פַאפַּא.

לעווענזאהן: פַאר'ן פַאפַּא אוֹיךְ?... אוֹי מַיין אָרִים שֶׁעפֶעלֶע, פַאר'ן פַאפַּא אוֹיךְ. טָא לָאז זַיין אַזוֹי.

קינד: זַיידֶענְיוּ דוּ מַאכְסְט אַיין עֲבֵירָה.

לעווענזאהן: פַאר וָואס מַיין קִינְד.

קינד: דוּ זָאגְסְט דָאךְ אַז מֶען וַויינְט אַ סַךְ טְהוּט מֶען אַיין עֲבֵירָה פַאר גָאט, אוּן וֶוען דִי מַאמַא וַויינְט זָאגְסְטוּ אַז גָאט וֶועט הֶעלְפֶען.

לעווענזאהן: יָא יָא מַיין קִינְד, גָאט וֶועט הֶעלְפֶען, גָאט זָאל אוּנְס אַלֶע הֶעלְפֶען. (וויינט, אב).

קינד: אָנְקֶעל!

מאַקס: נוּן?

קינד: אָ אָנְקֶעל דוּ הָאסְט אוֹיךְ גֶעוַויינְט?

מאַקס: (פערשטעלט זיך דאס פנים) אָה נַיין, אִיךְ וֶועל נִישְׁט טְהוּן אַיין עֲבֵירָה פַאר גָאט (נעמט דאס קינד אויף די שויס) זַיי צֶעבְּרֶעכֶען מַיין הֶערְץ.

קינד: אָנְקֶעל! פַאר וָואס אִיז דֶער זַיידֶענְיוּ אוּן מַיין מַאמַא אַזוֹי טְרוֹיְרִיג?

מאַקס: דַיין מַאמַא אִיז טְרוֹיְרִיג?

הינד: אָה יֶעם, פִיעל מְאהל וָעה איך זי אַזוי שְׁטַארק וַויינֶען. אָבֶער זי וויל מִיר גָאר נִישְׁט דֶערְצֶעהלֶען.

מאכס: וַואהְרְשֵׁיינְלִיך דַארְפְסְטוּ נִישְׁט וויסֶען.

הינד: אָנְקֶעל!

מאכס: נון?

הינד: פַאר וָואס קוּמְט פַּאפַּא אַזוי וֶועלְטֶען צוּ אוּנְז און וָועז עֶר גֶעהט אַוֶועק, ווייְנְט די מַאמַא אַזוי שְׁטַארְק.

מאכס: בֵּיי גָאט! איך עֶרְשְׁטִיקֶע.

הינד: וָואס איז דיר אָנְקֶעל?

מאכס: גָאר נִישְׁט, גָאר נִישְׁט.

הינד: אָנְקֶעל!

מאכס: נון?

הינד: פַּארְוָואס וואהְנְט דֶער פַּאפַּא נִישְׁט מִיט אוּנְז צווִאַמֶען אַזוי וִוי לִילְיֶעס פַּאפַּא?

מאקס: ווייל... לויף אַרוּנְטֶער און בְּרֶענְג מִיר אַ צֵייטוּנְג.

קינד: אָלְרֵייט, גִיב גֶעלְד! (אב).

מאקס: אָה שְׁרֶעקְלִיך! שְׁרֶעקְלִיך! וָוארוּם קְלַאפְּט מִיר אַזוי שְׁרֶעקְלִיך מַיין הַערְץ? מַאקְס! וָואס איז מִיט דיר? דַיין הָערְץ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען עֶפֶּעס זֶעלְטֶענֶעס צוּ פִיהלֶען, נֵיין נֵיין עָס איז נָאר מִיטְלֵייד! עָס דַארְף דָאך אוֹיך נִישְׁט עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ זַיין עָס איז נָאר מִיטְלֵייד. (בלייבט זיצען).

(אויפטריט ארנאלד).

ארנאלד: (אונטער איהם) דוּ בִּיזְט דָא אַלֵיין? און אַזוי פֶערְלוֹירֶען אִין גֶעדַאנְקֶען.

מאכס: איך קְלֶער נָאך אִיבֶּער דְרַיי פְרַאגֶען וָועלְכֶע אַיין קִינְד הָאט מִיר גֶעשְׁטֶעלְט און בִּין נִישְׁט אִים שְׁטַאנְד דִיעֶועלְבֶע צוּ בֶּעאַנְטְוָוארְטֶען, אֶפְשַׁר בִּיזְט דוּ עֶם אִים שְׁטַאנְד מַיין בְּרוּדֶער?

ארנאלד: אַוַדַאי נַארִישֶׁע קִינְדִישֶׁע פְרַאגֶען, לָאז מִיך הֶערֶען!

מאכס: הָערִי הָאט מִיך גֶעפְרֶעגְט...

ארנאלד: לָאז גֶעמַאך! נִישְׁט אַצִינְד, אַוֶועק מִיט דִיעֶזֶע דוּמְהַייטֶען.

**מאקס:** דוּמְהַייטֶען? אָה אַרְנָאלְד מַיין בְּרוּדֶער! אַכְט יָאהר אִיז פָּארִיבֶּער, אַכְט לַאנְגֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע יָאהרֶען, אַ צַייט אִין וֶועלְכֶער דוּ בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אִים שְׁטַאנְד זִיךְ צוּ אִיבֶּערְצַייגֶען ווִי שְׁטִיל אָרְדֶענְטְלִיךְ אוּן טְרַייֶע פְרוֹי אִיז דִיר אוּן דָאךְ בְּלַייבְּט דַיין הֶערְץ אַזוֹי קַאלְט ווִי מַארְמָאר! אַרְנָאלְד עֶרְרִינֶערֶע דִיךְ אִין דֶער צַייט וֶוען דוּ פְלֶעגְסְט מִיךְ בֶּעטֶען דִיר צוּ פֶערְשַׁאפֶען דִי מִינְדֶעסְטֶע גֶעלֶעגֶענְהַייט מִיט חַנָה'לֶע צוּ רֶעדֶען.

**ארנאלד:** אִיךְ בִּין דַאמָאלְס גֶעוֶוען וַואהנְזִינִיג!

**מאקס:** אַרְנָאלְד בְּרוּדֶער וואוּ אִיז דִי גֶערֶעכְטִיגְקַייט?

**ארנאלד:** אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן דָאס וָואס רֶעכְט אִיז.

**מאקס:** דָאס הַייסְט רֶעכְט דָאס אִין אַ צַייט פוּן אַכְט יָאהר הָאסְט דוּ זִי קוים אַכְט אָדֶער צֶעהן מָאל בֶּעזוּכְט? הַייסְט דָאס רֶעכְט וֶוען דוּ הָאסְט נָאךְ צוּ דֶעם טְהַייעֶרֶען קִינְד נִישְׁט אֵיין מָאל אֵיין פְרַיינְדְלִיכֶעס וָוארְט גֶערֶעדְט? אוּן הַייסְט דָאס רֶעכְט וֶוען דוּ הָאסְט דִיךְ נָאךְ נִישְׁט גֶעפְרֶעגְט וָואס טְהוּט דִי אוּנְגְלִיקְלִיכֶע, אוּם זִיךְ אוּן דָאס קִינְד צוּ עֶרְנֶעהרֶען.

**ארנאלד:** אִיךְ הָאבּ אִיהר יֶעדֶעס מָאל גֶעלְד צוּרִיקְגֶעלָאזְט.

**מאקס:** נִישְׁט אַמָאל גֶענוּג אוֹיף קוֹילֶען אוּן נַאפְט פַאר דֶער צַייט.

**ארנאלד:** אִיךְ וֶועל אִיהר דָאס לֶעצְטֶע גֶעלְד אַוֶועקְגֶעבֶּען אוּן זִי זָאל אַוֶועקְפָאהרֶען, דַאמִיט אִיךְ זָאל זִי ווִי אוֹיךְ דָאס קִינְד קַיינְמָאל נִישְׁט זֶעהֶען, דוּ הֶערְסְט מַאקְס? קַיינְמָאל! זִי וֶועלְכֶע אִיז דִי אוּרְזַאכֶע פוּן מַיין אוּנְגְלִיק!

**מאקס:** דָאס וֶועט זִי נִישְׁט טְהוּן.

**ארנאלד:** ווִי?

**מאקס:** אִיךְ וֶועל עֶס נִישְׁט צוּלָאזֶען.

**ארנאלד:** דוּ? מִיט וֶועלְכֶעם רֶעכְט?

**מאקס:** מִיט דֶעם רֶעכְט וֶועלְכֶעס עֶס קָאן זִיךְ נֶעהמֶען דֶערְיֶענִיגֶער וֶועלְכֶער הָאט זִי מִיט אִיהר קִינְד דִי גַאנְצֶע צַייט גֶעשִׁיצְט, אָבְּווָאהל עֶס אִיז דַיין פְפְלִיכְט! אָה נֵיין! חַנָה'לֶע וֶועט נְיוּ־יָארְק נִיעַ פֶערְלָאזֶען.

**ארנאלד:** אִיךְ זָאג זִי וֶועט!

**מאקס:** נִיעמַאלְס!

**ארנאלד:** זִי מוּז!

**מאקס:** דוּ קָאנְסְט זִי צוּ דֶעם נִישְׁט צְווִינְגֶען, זִי קָאן אוֹיךְ אָהן דַיין הִילְף זִיךְ אוּן דָאס קִינְד עֶרְנֶעהרֶען.

**ארנאלד:** אוּן וֶוער אִיז עֶס דֶער עֶלֶעגַאנְטֶער קַאוַואלִיער, דֶער זִיךְ וֶועגֶען אִיהר אַזוֹי פִיעל אִינְטֶערֶעסִירֶען טְהוּט?

**מאקס:** אִיךְ.

**ארנאלד:** מַאקְס, אִיךְ מוּז הֵיירַאטֶען מִיט גֶעלְד אוּם אוּנְזֶער נָאמֶען צוּ רֶעטֶען, חַנֶה׳לֶע מוּז אַוֶועק אוּן מַיין פֶערְגַאנְגֶענְהֵייט מוּז בֶּעגְרָאבֶּען אִין גֶעהֵיימְנִים בְּלֵייבֶּען, נוּ, בִּיזְטוּ נָאךְ אִימֶער דַאגֶעגֶען?

**מאקס:** יָא!

**ארנאלד:** וַואהנְזִינִיגֶער!...

**מאקס:** נֵיין בְּרוּדֶער, נִישְׁט וַואהנְזִינִיג, גְרַאדֶע יֶעצְט וֶוען חַנֶה׳לֶע דַארְף אוּן קָאן קֵיין הִילְף פוּן דִיר עֶרְוַוארְטֶען, גְרַאדֶע יֶעצְט וֶועל אִיךְ זִי נִישְׁט פֶערְלָאזֶען, אָה מֵיין בְּרוּדֶער! דִיךְ הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן עֶרְצוֹיגֶען אַלְס אֵיין אַרִיסְטָאקְרַאט, גֶעשֶׁעפְטְסְמַאן, מִיךְ דַאגֶעגֶען אַלְס אַרְבֵּייטֶער אוּן אִיפְּוֶועהֶער אִין זֵייעֶר פַאבְּרִיק, אִיךְ בִּין יוּנְג, גֶעזוּנְד אוּן קָאן אַרְבֵּייטֶען אוּן פֶערְדִיעֶנֶען. אוּן בֵּיי גָאט! דֶען לֶעצְטֶען, עֶהרְלִיךְ אוּן שְׁוֶועהר פֶערְדִיעֶנְטֶען סֶענְט וֶועל אִיךְ שְׁטֶעטְס פֶערְוֶוענְדֶען דִי פְרוֹי צוּ שְׁטִיצֶען, וֶועלְכֶע אִיז פָאם שִׁיקְזַאל פֶערְדַאמְט, דוּרְךְ מֵיין בְּרוּדֶער עֶווִיג עֶלֶענְד אוּן אוּנְגְלִיקְלִיךְ צוּ זַיין.

**ארנאלד:** דוּ בִּיזְט אֵיין שְׁוֶוערְמֶער.

**מאקס:** אֵיין שְׁוֶוערְמֶער אָבֶּער קֵיין גֶעוִויסֶענְסְלָאזֶער.

**ארנאלד:** גֶעוִויסֶענְסְלָאז? אוּנְגְלִיקְלִיכֶער! וֶועלְכֶע גֶעוִויסֶען זָאל אִיךְ פָאלְגֶען? צוּ דִיעֶענִיגֶע וֶועלְכֶע הַייסֶען מִיךְ דִי פְרוֹי אַנֶערְקֶענֶען? אָדֶער דִיעֶענִיגֶע וֶועלְכֶע שְׁרַייעֶן צוּ מִיר, רֶעטֶע דַיין פַאטֶער, רֶעטֶע דַיין שְׁוַואכֶע קְרַאנְקֶע מוּטֶער, אִיךְ בִּין זֵייעֶר אֵיינְצִיגֶע שְׁטִיצֶע אוּן בִּין פֶערְפְּפְלִיכְטֶעט מִיךְ פַאר זֵייעֶרֶענְטְוֶועגֶען צוּ אָפְּפֶערְן, מַאקְס! וֶועסְטוּ

דען קענען צוזעהן ווי מען וועט דעם אלטען ערהרענוועהרטען קויפמאן שימפפען און בעלידיגען? וועסטו דען קענען צוזעהן ווי מען וועט אויף איהם אין אלע שטראסען אנווייזען, דארט געהט דער שענדליכער באנקראטניק? וועסטו דען קענען צוזעהן, דאס אין דעם הויז אין וועלכען מיר זענען געבוירען און יעדעס ווינקעלע וועלכעס איז ביי אונז איין היילינג אנדענקען געווארען, זאל געהערען צו איין פרעמדען? מאקס, האלט מיך נישט פאר אזוי געוויסענלאז, איך ליידע פיעל, זעהר פיעל, אבער איך מוז היראטען מיט געלד. אכט יאהר לאנג האב איך די האכצייט פערשאבען. נאך איין הערץ האט דאביי געבליט. אונגליקליכע ראזא! איהר קאן איך נור מיין נאמען געבען אבער נישט מיין הערץ, אבער עס מוז געשעהן. איך מוז מיך אפפערן וועגען די עהרע פון אונזערע עלטערן צו רעטען.

מאקס: און חנה'לע זאל אוועק? ניין איך קען נישט, איך קען נישט.

ארנאלד: וואס איז מיט דיר מאקס? רעד, מאקס! א שרעקליכער געדאנק דורכלויפט מיינע גליעדער, דאס בלוט ערפריהרט אין מיינע אדערן, גאט! ווערע דאס מעגליך? זאל איך עס גלויבען?

מאקס: יאה!

ארנאלד: שרעקליך, שוידערהאפט, אונערהערט!

מאקס: נישט וויסענד, נישט וועהענד, נישט בעגרייפענד, ווי אזוי און ווען האבען זיך דיעזע געפיהלע אין דיעזער ברוסט ערוועקט, איהרע טרויריגע ליידען, דעם שרעקליכען קאמפף וואס זי האט אזוי העלדיש ערטראגען, מאכט זי אין מיינע אויגען צו איין היילינע מערטירערין, ערשט מיט א יאהר צוריק האב איך אנגעהויבען צו בעגרייפען אז דאס אלעס וואס בעוועגט מיך אזוי שטארק, איז קיין מיטלייד, נור ליעבע.

ארנאלד: אה גאט!

מאקס: וויפיעל האב איך געשטריטען מיט דיעזע געפיהלע, אין די שרעקליכע שטונדען פון פערצווייפלונג האב איך געוואלט איין ענדע מאכען צו מיין עלענדען דאזיין, פלעצליך אבער איז פאר מיר ערשיענען דאס געטליכע בילד פון דעם אונשולדיגען קינד, און דאס

מָארְד גֶעוֶועהר אִיז אוֹים מַיין עֶרְשְׁטַארְטֶער הַאנְד אוֹיף דֶעם בָּארֶען גֶעפַאלֶען (קניעט) אַרְנָאלְד! שִׁימְפְּף מִיךְ, אָה בְּרוּדֶער בְּרוּדֶער (שלוכצט).

**ארנאלד:** (איראניש) זִי אִיז גֶעוֶוען דַיין מֶעטְרֶעסֶע.

**מאקס:** (ווילד) הַא! אַרְנָאלְד! וָואס הָאסְטוּ גֶעזָאגְט? גָאט אִיךְ וָוער פֶּערְרִיקְט, אוּנְגְלִיקְלִיכֶער! מַיין לִיעבֶּע צוּ אִיהר אִיז דִי רֵיינְסְטֶע אוּן גֶעטְלִיכְסְטֶע אִין דֶער וֶועלְט, דוּ בִּיזְט דֶער עֶרְשְׁטֶער וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעהֵיימְנִיס פֶּערְטְרוֹיט, אַרְנָאלְד, אִיךְ שְׁוֶוער דִיר בַּיי אוּנְזֶער בְּרוּדֶער-לִיעבֶּע דָאס חַנָה'לֶע וֵוייסְט נִישְׁט אַמָאל פוּן דִיעזֶע וָואהְנְזִינִינְגֶע לִיעבֶּע.

**ארנאלד:** פֶּערְלָאז מִיךְ.

**מאקס:** אַרְנָאלְד!

**ארנאלד:** פֶּערְלָאז מִיךְ.

**מאקס:** הֶער מִיךְ אוֹיס!

**ארנאלד:** גֶענוּג! דוּ נִיכְטְסְווירְדִיגֶער, דַארוּם הָאסְטוּ מִיךְ פַּאסְט מִיט טְרֶעהרֶען אִין דִי אוֹיגֶען גֶעבִּיטֶען אִיךְ זָאל דִי פֶערְוָוארְפֶענֶע מַיין נָאמֶען גֶעבֶּען אוּם דַאן... (באלט פויסט).

**מאקס:** טְהוּ דָאס, פֶּערְבְּלֶענְדֶעטֶער אֵייפֶערְזִיכְטִיגֶער נַאר, אָבֶער וַואג נִישְׁט מֶעהר צוּ בֶּעלֵיידִיגֶען אוּן עֶרְנִידְרִיגֶען דִיעזֶע פְרוֹי וֶועלְכֶע דוּ הָאסְט פֶערְפִיהרְט אוּן אִיהר לֶעבֶּען פֶערְגִיפְטֶעט, חַנָה'לֶע וֵוייסְט פוּן גָאר נִישְׁט, חַנָה'לֶע אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג, אוּן וִוי הֵיים אִיךְ לִיעבּ זִי! אַרוֹיסְרֵייסֶען וֶועל אִיךְ זִי אוֹיס מַיין הֶערְץ, אָבֶער מַאךְ אֵיין עֶנְדֶע צוּ אִיהר לֵיידֶען, אוּן גִיבּ דַיין קִינְד אַיין עֶהרְלִיכֶען נָאמֶען, אַרְנָאלְד! יֶעצְט וֶוען דוּ וֵוייסְט שׁוֹין מַיין שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעהֵיימְנִיס בִּיטֶע אִיךְ דִיךְ מַאךְ זִי צוּ דַיין גֶעוֶועצְלִיכֶע פְרוֹי אוּן אִיךְ וֶועל אַוֶועק אִין דֶער ווַייטֶע וֶועלְט אוּם דַיין פֶערְדַאכְט צוּ עֶרְשְׁטִיקֶען, נוּן קָאנְסְטוּ דֶען אֵיין גְרֶעסֶער אָפְּפֶער פוּן מִיר פֶערְלַאנְגֶען? נִישְׁט וָואהר אַרְנָאלְד, דוּ וֶועסְט עֶס טְהוּן? דוּ מוּזְט עֶס טְהוּן!

**ארנאלד:** גֶענוּג! קֵיין מָארַאל מֶעהר, פֶּערְלָאז מִיךְ!

**מאקס:** וָואס ווִילְסְטוּ טְהוּן?

**ארנאלד:** דָאס אִיז נִישְׁט דַיין זַאךְ, צוּם לֶעצְטֶען מָאל, גֶעה!

מאכס: ארנאלד! איך וועה דו האסט עפים ביי פאר, און זאל בעהיטע גאט, די אונגליקליכע עפים ביי אין מיין אבוועזענהייט געשעהן, דאן בין איך נישט פעראנטוואורטליך וואס איך וועל אין מיין פער־צווייפלונג טהון (ער וויל צו איהם צוגעהן) נון געלאסען! דו וועהסט דאך מיין עלטערער ברודער דאס איך פאלג, איך געה, ארנאלד!

ארנאלד: ארויס!

מאקס: אלרייט! איך געה, איך געה (אב).

ארנאלד: שאנדע, אונערהערטע שאנדע! זי מוז, זי וועט, זי זאל פאהרען (קלאפט אין טיש) איך וויל עס אזוי זי מוז פאהרען (ערבליקט א בריעף) וואס איז דאס? מיין ברודערס האנדשריפט? אדרעסירט צו חנה'לע (ליעזט) טהייערע חנה'לע, איך בין זעהר בעשעפטיגט, און צווייטענס דענק איך דאס מיינע עלטערן שעפפען פערדאכט דאס איך בעזוך אייך אזוי אפט, איך שיק אייך 25 דאלאר, דאס וועט גענוג זיין ביז איך וועל קומען און נאך דיעזע וואך געווים, גריעסע אייך, דעם פאטער און ה. אייער מאקס. און דער ניכטסווירדיגער האט געשוואוירען דאס ער האט קיין ווארט צו איהר גערעדט. אה, פערראטה, שענדליכער פערראטה!

(אויפטריט קינד מיט א ציטונג).

קינד: אנקעל, דא איז די צייטונג.

ארנאלד: פארט, פארט פון מיינע אויגען.

קינד: (ערשראקען) מאמא מאמא! (אב).

(אויפטריט חנה'לע).

חנה'לע: ארנאלד!

ארנאלד: הא? דו ביזט דא? זעהר גוט איך האב שוין מיט אונגעדולד דיך ערווארט, איך האב מיט דיר ערנסט, זעהר ערנסט צו רעדען.

חנה'לע: דיין בליק ארנאלד איז ווילד, דו זעהסט שרעקליך אויס, בערוהיג דיך צוערשט.

ארנאלד: ניין! איך קאן מיך נישט בערוהיגען אזוי לאנג דו ביזט דא, אבער היינט זאל עס אויסגעשפיעלט ווערען, גענוג, דו מוזט דיך פון

מיר ענטזאגען, דו הערסט? דו מוזט אוועק, אוועק, דאמיט איך זאל דיך נישט מעהר זעהן.

**הנה׳לע:** מיט וועלכעם רעכט פערלאנגסט דו עס פון מיר?

**ארנאלד:** מיט דעם רעכט פון אזוי איינעם וועמענס יוגענד דו האסט צעטרעטען און פערוויסט.

**הנה׳לע:** דיין יוגענד האב איך צעטרעטען? איך? אה וועה! נו, וואס זאל איך זאגען? דאך ניין, איך וועל נישט קלאגען, איך בין שוין מיט דעם געוואהנט. און ווען איך זאל זאגאר פערזוכען צו וויינען אזוי מוז איך וויינען מיט בלוט, וייל טרעהרען האב איך נישט מעהר, אין די לאנגע איינזאמע און פינסטערע נעכט, איבער מיין קינדס וויגעלע געבייגט האט זיך די קוועלע פון טרעהרען ערשעפפט, איך בין שוין רוהיג, אלזא וואס בעפעהלט דער הער ליליענטהאל.

**ארנאלד:** מיין ענטשלוס איז פעסט, דו מוזט פאהרען.

**הנה׳לע:** עס טהוט מיר וועהר לייד, אבער איך בלייב דא.

**ארנאלד:** נו, אזוי וועל איך דיך צווינגען.

**הנה׳לע:** צווינגען? פאר וואס? שטעה איך דען דיר אים וועג? איז עס דען נישט גענוג בעוויז דאס אכט לאנגע שרעקליכע יאהר וועגען פערפלאסען זייט מיין גליקליכען הייראט און איך האב עס פאר ניעמאנדען ענטדעקט? איך וייס די פערהעלטניסע צווינגען דיך פאר איין אנדערע זיך צו אפפערן, איך האב גאר נישט דאגעגען, אבער אוועקפאהרען? ניעמאלס! איין וואונש בעזיצט נאך מיין געבראכען הערץ, דאס איז, דיך מיט מיין קינד ביי דער האנד געפיהרט צו טרויאונג צו בעגלייטען, דיר גראדע אין די אויגען קוקען ווי דו וועסט איהר ביים אלטאר איביגע טרייע שווערען, דאן וועל איך צופריעדען אוועקגעהן. נון מיין הערר, איז עס צופיעל פערלאנגט? קענט איהר מיר דאס גליק אויך נישט געוועהרען? אה ארנאלד! וועהסטו דען נישט ווי מיין הערץ איז געבראכען? איך פיהל דאס איין שרעקליכע שווינדזוכט פערצעהרט מיין ברוסט, לאנג וועל איך נישט מעהר לעבען, אבער מיין קינד, מיין אונגליקליך קינד, וואס זאל דארויס ווערען? אכט יאהר זייט איך האב עס אויף דער וועלט

גֶעבְּרֶענְגְט, עֶס אִיז אַזוֹי שֶׁעהְן, אַזוֹי בְּלִיהֶענְד, אָבֶּער לֵיידֶער וֶועט עֶס אוֹיךְ מִיט יֶעדֶען טָאג מֶעהר פוּן דֶער מוּטֶערְס קְרַאנְקְהֵייט אַנְגֶעגְרִיפֶען. הָאסְטוּ עֶס אַמָאל בֶּעטְרַאכְט? הָאסְטוּ עֶס אַמָאל ווִי אַ פָאטֶער צוּ דַיין בְּרוּסְט גֶעדְרִיקְט? בֵּיידֶע צוּוֵוייעָ הָאבֶּען מִיךְ פֶערְלֵיימְדָעט, שְׁוַוארְצֶע פִינְסְטֶערֶע אַייפֶערְזוּכְט הָאבֶּען זֵיי אִין דִיר אֵיינְגֶעפְלִיעסְט. אַרְנָאלְד! קָאן מֶען דֶען אַזוֹי פִיעל לֵיידֶען וֶוען מֶען לִיעבְּט נִישְׁט? אַרְנָאלְד וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן, אִיךְ הָאבּ דִיךְ אִימֶער בִּיז צוּם וַואהְנְזִין גֶעלִיעבְּט. אֶה אִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיכֶע! אִיךְ לִיעבּ דִיךְ נָאךְ, טֶעדְטֶע מִיךְ אַרְנָאלְד וֶוען מַיין לִיעבֶּע אִיז צוּ דִיר אֵיין פֶערְבְּרֶעכֶען!

**ארנאלד:** גֶעלִיעבְּט! אוּן דִי גַאנְצֶע צֵייט בֶּעווּבְּע פוּן אֵיין לִיעבְּהָאבֶּער אַקְצֶעפְּטִיעְרְט!

**חנה׳לע:** לִיעבְּהָאבֶּער? אִיךְ?

**ארנאלד:** אוּן וֶועלְכֶער הָאט דִיךְ נָאךְ בֶּעלוֹיהְנְט מִיט גְרוֹיסֶע סוּמֶען. אוּנְגְלִיקְלִיכֶע! וָואס מֶעהר דוּ רֶעדְסְט צוּ מִיר דֶעסְטָא מֶעהר וֶועה אִיךְ דָאךְ ווִי פַאלְשׁ אוּן גֶעווּנְקֶען דוּ בִּיזְט, הָאבּ אִיךְ דֶען נִישְׁט קֵיין לֶעבֶּענְדִיגֶע בֶּעוֵויייזֶע? מִיט מַיין אֵייגֶענֶען בְּרוּדֶער הָאסְטוּ דָאךְ שֶׁענְדְלִיךְ גֶעטְרִיעבֶּען, הִינְטֶער מַיין רִיקֶען בִּיסְטוּ גֶעוֶוען זַיין מֶעטְרֶעסֶע.

**חנה׳לע:** שְׁוַויינ דוּ עֶלֶענְדֶער שׁוֹפֵט (גיט איהם א פאטש).

**ארנאלד:** אִיבְּוָוארְף דֶער נַאטוּר, בּוּלֶערִין.

(אויפטריט קינד).

**קינד:** אֶה פַּאפָּא, שְׁלָאג נִישְׁט דִי מַאמַא!

**ארנאלד:** פָּארְט פוּן מִיר, פָארְט פוּן מַיינֶע אוֹיגֶען!

(אויפטריט מאקס).

**מאכס:** אַרְנָאלְד! (פאזיציאן).

**(פ א ר ה א נ ג).**

(ענדע פונ׳ם צווייטען אקט).





# דְרִיטֶער אַקְט.

(צימער ביי לעוועגזאָהן, נאַכט).

**לעוועגזאהן:** שוין וָעהר שְׁפֶּעט. שוין צַייט אָבְּצוּרֶעכְטָען חֲצוֹת (וואשט זיך די הענד און ווישט זיך אב אין האנדטוך).

**הערשעלע:** וַייֶדְעֶנְיוּ.

**לעוועגזאהן:** שְׁלָאף שְׁלָאף. מַיין אָרֶעם שֶׁעפֶּעלֶע, שְׁלָאף מַיין טְהַייעֶר קִינְד און מַלְאָכִים פוּנְ'ם הִימֶעל זָאלֶען וַואכֶען אִיבֶּער דִיר! (וויל צוגעהן לערנען).

**הערשעלע:** (נאך דעם אלטענס אומקוקען ערשט) וַייֶדְעֶנְיוּ!

**לעוועגזאהן:** וָואס אִיז מַיין קִינְד, וִוי בְּלַייך, וִוי אָבְּגֶעצֶעהרְט עֶר וֶעהט אוֹיס, עֶר אָטְהֶעמְט אַזוֹי שְׁוֶוער, און דָאס קֶעפֶּעלֶע בְּרֶענְט, נַיין, נַיין דָאס וֶועט נִישְׁט גֶעשֶׁעהן, גָאט אִיז נִישְׁט אַזוֹי שְׁלֶעכְט. וֶועסְטוּ דֶען קֶענֶען צוּזֶעהן אַז אַזַא אַלְטֶער פֶּערְפוּילְטֶער פֶּערְוְוַיאַנְטֶער בּוֹים זָאל אִיבֶּערְלֶעבֶּען דָאס יוּנְגֶע בְּלִיהֶענְדֶע צְוַוייגֶעלֶע? נַיין נַיין דוּ וֶועסְט עֶס נִישְׁט טְהוּן, נַיין גוּטֶער גָאטֶענְיוּ, דוּ וֶועסְט עֶס נִישְׁט, דוּ וֶועסְט עֶס נִישְׁט טְהוּן (וויינט).

**הערשעלע:** וַייֶדְעֶנְיוּ!

**לעוועגזאהן:** וָואס אִיז מַיין קִינְד?

**הערשעלע:** וָואס הָאסְטוּ אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעוֵויינְט?

**לעוועגזאהן:** ... נַיין נַיין מַיין קִינְד, דָאס הָאט גֶעוֵויינְט דֶער ווִינְט אִין דְרוֹיסֶען, וָואס בִּיזְטוּ אַזוֹי פֶּערְקְלֶערְט מַיין קִינְד?

**הערשעלע:** אִיךְ קְלֶער פַאר וָואס הָאט דִי מַאמַא און אִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק לִיעב דֶעם פַּאפַּא און עֶר הָאט אוּנְז פַיינְט!

**לעוועגזאהן:** וִוי קוּמֶען צוּ דִיר אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען מַיין קִינְד?

**הערשעלע:** הָאט עֶר מִיך דֶען נִישְׁט אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל דִי מַאמֶען נִישְׁט שְׁלָאגֶען?

**לעוועגזאהן:** גֶענוּג גֶענוּג מַיין קִינְד, אַז דִי וֶועסְט עֶלְטֶער וֶוערֶען וֶועסְטוּ אַלֶעס ווִיסֶען.

**הערשעלע:** זַיידֶעניוּ, אִיךְ ווִיל דִיךְ עֶפֶּעס בֶּעטֶען.

**לעוועגזאהן:** וָואס אִיז מַיין קִינְד?

**הערשעלע:** אָבֶּער דוּ מוּזְט מִיר נִישְׁט אָבְּזָאגֶען וַוייל אִיךְ בִּין קְרַאנְק אוּן אַז דוּ וֶועסְט מִיר אָבְּזָאגֶען וֶועל אִיךְ דָאךְ וַויינֶען, ווִילְסְטוּ זַיידֶעניוּ אִיךְ זָאל וַויינֶען?

**לעוועגזאהן:** נַיין נַיין, מַיין טְהַייעֶר יוּנְגֶעלֶע, זָאג, זָאג וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן.

**הערשעלע:** נֶעם דַיין פִידֶעל, אוּן שְׁפִּיעל מִיר דָאס שֶׁעהנֶע לִידֶעלֶע, פוּנֶם יָתוֹמ'ל, דוּ וֶועסְט שְׁפִּיעלֶען אוּן אִיךְ וֶועל זִינְגֶען, בִּיז אִיךְ וֶועל עֶנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען, אוּן אַז אִיךְ וֶועל אוֹיפְשְׁטֶעהן וֶועל אִיךְ שׁוֹין זַיין אִין גַאנְצֶען גֶעזוּנְד.

**לעוועגזאהן:** אִיךְ ווִיל דָאךְ אָדֶער נִישְׁט אַז דוּ זָאלְסְט דִיךְ אוֹיפְרֶעגֶען!

**הערשעלע:** אִיךְ וֶועל זִינְגֶען גַאנְץ שְׁטִיל.

**לעוועגזאהן:** נוּ, נוּ, אִיךְ וֶועל עֶס דִיר צוּלִיעבּ טְהוּן, אוֹי אוֹי סְ'גְלִיסְט זִיךְ אַ וַדַאי צוּ שְׁפִּיעלֶען אִין אַזַא מָאמֶענְט, נָאר וָואס זָאל מֶען טְהוּן, וָואס טְהוּט מֶען נִישְׁט צוּלִיעבּ אַ קִינְד, בִּפְרַט אַז ס'אִיז קְרַאנְק, נָאר דוּ זָאלְסְט זִינְגֶען גַאנְץ פַּאוָואלֶע.

(קינד זינגט).

אַ טַאטֶעלֶע אַ מַאמֶעלֶע גְלֶעטֶען, קִישֶׁען זֵייעֶר קִינְד,
דָאס קִינְד אִיז קְרַאנְק אוֹי ווִי טְהוּט זַיי בַּאנְג,
אוּן מֶען רֶעטֶעט דָאס גֶעשְׁווִינְד,
אוּן אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אַ טַאטֶעלֶע,
וַוארְפְט מִיךְ ווִי מִיסְט אוּן בְּלָאטַאלֶע,
אוֹי, אוֹי, אוֹי וֶועה, ווִי בְּרֶעכְט מַיין הֶערְץ,
אוֹי זַיידֶעניוּ דוּ פִיהלְסְט מַיין שְׁמֶערְץ,
מִיךְ הַיילֶען דֶער מַאמֶעס טְרֶערֶעלֶעךְ,
אִיךְ שְׁלִינְג זַיי ווִי דִי פֶּערֶעלֶעךְ,

אִיךְ לֶעבֶּעדִיג יָתוֹם׳לֶע,
אִיךְ פֶערְוֶועלְקְטֶעס בֵּיימֶעלֶע. (שלאָפט איין).

(אויפטריט חנה׳לע, בעטראכט דאס קינד).

**הנה׳לע:** אָה, מֵיין טְהֵייעֶרֶער אָרִימֶער פָאטֶער! פוּל טְרוֹיעֶר אִיז דַיין בִּיטֶערֶע עֶלְטֶער, לֵיידֶען אוּן שְׁוֵויינֶען דָאס אִיז אֵיין וֶועלְטֶענֶע אֵייגֶענְשַׁאפְט, דִי וֶועלְטֶענֶע אֵייגֶענְשַׁאפְט הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ פוּן דִיר גֶעעֶרְבְּט מֵיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶער פָאטֶער, מִיר אַלֶע פֶערְוֶועלְקֶען פוּן טָאג צוּ טָאג, מִיר הָאפֶּען בֵּיידֶע, אוּן דָאךְ קֶענֶען מִיר קֵיינֶען גְלִיקְלִיכֶען טָאג עֶרְלֶעבֶּען, אָה טְרוֹירִיגֶעס שִׁיקְזַאל (וועקט איהם) פָאטֶער!

**רעוועגזאהן:** (ערוואכט) הַא?...

**קינד:** (אין שלאף) אָה פַּאפַּא שְׁלָאג נִישְׁט דִי מַאמַא.

**הנה׳לע:** גֶעה לִיעבֶּער פָאטֶער שְׁפַּאר דִיךְ צוּ, עֶס אִיז שׁוֹין בַּאלְד טָאג אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶענוּג גֶעשְׁלָאפֶען.

**רעוועגזאהן:** שׁוֹין גֶענוּג גֶעשְׁלָאפֶען? אוֹי שְׁלָאפְסְטוּ! יָא, יָא דוּ שְׁלָאפְסְט אִין אַ שָׁעָה אַרִים זָאלְסְטוּ דֶעם קִינְד אָנְגֶעבֶּען דִי מֶעדִיצִין.

**הנה׳לע:** אַ גוּטֶע נַאכְט טְהֵייעֶרֶער פָאטֶער.

**לעוועגזאהן:** אַ גוּטֶע נַאכְט! אוֹי דָאס אִיז אַ גְרוֹיסֶע זַאךְ וֶוער קֶען זִיךְ דֶערְמִיט רִיהמֶען, אִיךְ אָבֶּער? אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קֵיין רוּהִיגֶע נַאכְט נִישְׁט גֶעהַאט זַייט... טַא לָאז זַיין אַ גוּטֶע נַאכְט. (אב).

**קינד:** מוּטֶערְ׳ל.

**חנה׳רע:** וָואס אַיז מֵיין קִינְד.

**קינד:** אָט דָא טְהוּט מִיר אַזוֹי שְׁטַארְק וֶועה (ציינט אויף די ברוסט) מוּטֶערְ׳ל אִיךְ וִיל שְׁלָאפֶען גֶעבֶּען דִיר, מִיר אִיז אַזוֹי גוּט נֶעבֶּען דַיין בְּרוּסְט, מוּטֶערְ׳ל דוּ הָאסְט מִיךְ נָאךְ הַיינְט נִישְׁט גֶעקִישְׁט.

**הנה׳לע:** וָועה וֶועה מִיר, עֶס אִיז קְרַאנְק, עֶס אִיז גֶעפֶעהְרְלִיךְ קְרַאנְק.

טְהֵייעֶר יוּנְג רֵייזֶעלֶע
שְׁמֶעקֶענְדִיג וִיס גְרֶעזֶעלֶע
אָבְּגֶעהַאקְט גָאר
דִיר דַיין יָאהר

וַוייסְט פוּן קֵיין שְׁפּוּר
יָעצְט וָועלְקְסְטוּ מַיין יוּנג רֵייזָועלֶע
אָרִים דֵיין הַיימֶעלֶע
אוּנְשׁוּלְדִיג בֵּיימֶעלֶע
וַואקְסֶען פִּיעל דֶערְנֶער פִּיעל דָערְנָער און אַ שְׁעוּר
און דִיךְ נְשָׁמָה
קוּילֶעט מֶען בְּלוּמָע
נַיין, דוּ וֶעהסְט שׁוֹין מֶעהר נִישְׁט אוּים ווִי פְּרִיהֶער
מֶענְשֶׁען קְוִויקְסְטוּ
און דֶערְנָאךְ ווִי לִיגְסְטוּ
אִין שְׁטוּיב פֶערְוֶועהט
אַ יֶעדֶער דִיךְ טְרֶעט
פֶערְלִיערְסְט דַיין וֶוערְטְה
קְרִיעֶגְסְט אַ דַאנְק אַ בִּיסֶעל עָרְד
בְּלוּמֶע מֶעגְסְט אוּיפְוֶועקֶען
רֶעגֶען דִיךְ בֶּערֶעקֶען
וָועסְטוּ נָאךְ אִימֶער שְׁמֶעקֶען
אִין אַלֶע וֶועלְט עֶקֶען
מֶעגְסְט גַאנְץ רוּהִיג רוּהֶען
רֵייזֶעלֶע וֶועסְט בְּלִיהֶען
נָאךְ אוּי נָאךְ.

בִּיס (for the bracketed lines above)

(אויפטריט מאקס).

**מאקס:** חַנֶה׳לֶע!

**חנה׳לע:** אָה מַאקְס, מַאקְס, עֶס וֶועט שְׁטֶערְבֶּען.

**מאקס:** נַיין, נַיין, דָאס דַארְף נִישְׁט זַיין, עֶס אִיז בְּלוֹיז שְׁטַארְק פֶערְקֶעלְטֶעט עֶס וֶועט פָארְאִיבֶּערְגֶעהן.

**חנה׳לע:** נַיין, נַיין, מַיין מוּטֶערְהֶערְץ זָאגְט מִיר דָאס אִיךְ וֶועל זִי פֶערְלִיעֶרֶען, אָה מַאקְס! וָואס זָאל דַאן אוּיס מִיר וֶוערֶען?

**מאקס:** בֶּערוּהִיג דִיךְ בֶּעסְטֶע חַנֶה׳לֶע, דַיין קִינְד בְּרוֹיכְט גוּטֶע פְּפְלֶעגֶע און פְּרִישֶׁע לוּפְט, אוּיף דֶעם לַאנְד וֶועט דָאס זִיךְ עָרְהָאלֶען, דוּ מוּזְט דָערְמִיט פָאהרֶען.

**חנה׳לע:** נײן, איך קאן נישט. װען איך װעל אײַנװעקפּאהרען, אַזױ פֿערליער איך בײדע, דעם פֿאטער און דאס קינד.

**מאקס:** חנה׳לע, פֿערגעס אן ערנאלד! גיב אױף דעמענינגען װעלכע האט דיין יוגענד מיט די פֿיס געטרעטען, פֿערגעס אן איהם, דען ער האט דיין געטליכע ליעבע נישט פֿערדיענט, גיב איהם אויף, און לאז די פֿערגאנגענהײט זינקען, זינקען אין די אײביגקײט! חנה׳לע גיב מיר די מעגליכקײט צו זארגען פֿאר דיר און דיין קינד! חנה׳לע גיב מיר די מעגליכקײט גוט צו מאַכען דאס װאס מײן ברודער האט אין דער יוגענד פֿערבראכען. נאר אײן װארט חנה׳לע, נאר אײן װארט און אװעק װענען די לײדען. איך װיל אַרבײטען פֿאר דיר און דיין קינד, איך װעל נישט רוהען ביז איך װעל דיר נישט צוריקקעהרען יוגענד, רוהע, צופֿריעדענהײט, און אײן גליקליך, רוהיג פֿאמיליען-לעבען.

**חנה׳לע:** מאקס! אונגליקליכער פֿרײנד! װײסטו דען נישט דאס מיר פֿרויען װענען װי אײן טרײער הונד װעלכער קישט די לינקע האנד פֿון זיין העררן, װעהרענד די רעכטע שלאגט איהם, צװײטענס װאס פֿאר ערזאץ זאל איך דיר פֿאר דיין ליעבע געבען? װעהסטו דען נישט דאס דער שטאם פֿון מײן לעבען איז געבראכען? דער בוים אויפֿגע-פֿרעסען און פֿערפֿוילט, מאקס! גיב מיר דיין פֿרײנדשאפֿט, דיין ברודערשאפֿט.

**מאקס:** װען נישט דאריבער, טהו עס פֿאר דיין קינדערסװעגען, איך װיל דיר געבען דעמזעלבען נאמען נאך װעלכען דו האסט אַזױ לאנג געקעמפּפֿט, צענער נישט געליעבטע, זאג דאס בעגליקענדע װארט און דיין קינד איז גערעטעט!

**חנה׳לע:** גאט! צו װעלכער פּריפֿונג שטעלסטו מיך יעצט?! דו װעסט עס טהון? נישט װאהר מײן אונשולדיגער לײדענדער ענגעל? יא דו װעסט עס טהון?

**קינד:** מאמא!

**חנה׳לע:** (ערשראקען) װעה מיר, דו הערסט? דיין שטימע װארענט מיך.

**קינד:** פּאפּא! פּאפּא! קיש דיין העררי ער ליעבט דיך, די מאמא ליעבט דיך אויך.

**חנה׳לע:** יָא אִיךְ לִיעבּ אִיהם, אִיךְ לִיעבּ אִיהם.

**מאכס:** חַנֶה׳לֶע!

**הנה׳לע:** ש. ש. ש. עֶר רֶעדְט וַוייטֶער.

**קינד:** פַּאפַּא, קִישׁ דַיין הֶערְי אַיידֶער עֶר שְׁטַארְבְּט.

**הנה׳לע:** אָה מֵיין אָרֶעם קִינְד (וויל צוגעהן).

**מאכס:** שְׁטֶעה! אַיידֶער דוּ גֶעהְסְט צוּ דַיין קִינְד ווִיל אִיךְ דַיין אַנְטְוָוארְט הֶערֶען.

**הנה׳לע:** צוּ שְׁפֶּעט, צוּ שְׁפֶּעט, יֶעצְט פֶערְלַאנְגְסְטוּ אִיךְ זָאל דִיר מֵיין הֶערְץ גֶעבֶּען? מֵיין הֶערְץ ווֶעלְכֶעס אִיז פֶערְווִיסְט אוּן פֶערְוואוּנְדֶעט? דַארְף אִיךְ דָאס? קֶען אִיךְ עֶס טְהוּן? נַיין! ווֶען אִיךְ זָאל דִיךְ זָאגַאר לִיעבֶּען, ווֶען אִיךְ זָאל זָאגַאר אִיבֶּערְצַייגְט זַיין דָאס דִיעזֶעס אִיז דֶער אַיינְצִיגֶער שְׁרִיט, דָאס אַיינְצִיגֶע מִיטֶעל מֵיין קִינְד בַּיים לֶעבֶּען צוּ עֶרְהַאלְטֶען, דַארְף אִיךְ דָאס טְהוּן? אָה, נַיין נַיין! מֵיינֶע טֶעג ווֶענֶען גֶעצֶעהלְט, דִי שְׁווִינְדְזוּכְט פוּן ווֶעלְכֶען מֵיין קִינְד שְׁטַארְבְּט, נִישְׁט ווָאהר, דוּ בִּיזְט נִישְׁט בֵּייז, אָה, ווָאלְט אִיךְ אִימְשְׁטַאנְד גֶעווֶען דִי פֶערְגַאנְגֶענְהֵייט צוּרִיקְצוּרוּפֶען אוּם פַאר דִיר צוּ עֶרְשַׁיינֶען דִי יוּנְגֶע, גֶעזוּנְדֶע, רֵיינֶע אוּן אוּנְשׁוּלְדִיגֶע הַנֶה׳לֶע, ווִי גֶערֶען ווָאלְט אִיךְ דִיר מֵיין הַאנְד גֶערֵייכְט, דֶען דוּ בִּיזְט עֶדֶעל, גוּט, ווֶעהרֶענְד... אַזוֹי מַאקְס! קִישׁ מִיךְ אוֹיף מֵיין שְׁטֶערֶען, מֵיין פְרֵיינְד מֵיין בְּרוּדֶער.

**מאכס:** (קישט זי) אָה ווִי אִיךְ דִיךְ לִיעבֶּע.

**קינד:** מוּטֶער קוּם צוּ מִיר.

**הנה׳לע:** אִיךְ קוּם צוּ דִיר (געהט צו).

**מאכס:** אוּן אַזוֹי אַיין עֶנְגֶעל הָאט מֵיין בְּרוּדֶער פֶערְשְׁטוֹיסֶען? מֵיין הֶערְץ ווֶערְט צֶערְבְּרָאכֶען, מֵיינֶע גֶעהִירֶען צֶערְשְׁפַּאלְטֶען זִיךְ, גָאט אִיךְ ווֶער פֶערְרִיקְט.

**הנה׳לע:** מַאקְס עֶר שְׁטַארְבְּט! עֶר שְׁטַארְבְּט! עֶר רוּפְט זַיין פָאטֶער, עֶר ווִיל פוּן אִיהם אַבְּשִׁיעד נֶעמֶען, מַאקְס, ווֶעה מֵיין פֶערְצְווַייפְלוּנְג, בַּיי דַיין לִיעבֶּע צוּ מִיר מַאקְס, בְּרֶענְג אִיהם אַהֶער.

**מאכס:** עֶר ווֶעט נִישְׁט קוּמֶען.

**הנה׳לע:** אָה וֶועה! דָאס קִינְד וֶועט וַויינֶען, יַאמֶערֶען פַאר גָאטְס טְרָאהן און זַיין פָאטֶער בֶּעשׁוּלְדִיגֶען. מַאקְס! בַּיי דַיין בְּרוּדֶערְלִיעבֶּע, לָאז עֶס נִישְׁט צוּ, דוּ הֶערְסְט מַאקְס? עֶר אִיז זַיין פָאטֶער און עֶר דַארְף דִי וָועלְט נִישְׁט פֶערְלָאזֶען מִיט אַיין פְלוּךְ אוֹיף זַיינֶע לִיפֶּען.

**מאקס:** עֶר וֶועט עֶס נִישְׁט טְהוּן.

**הנה׳לע:** וָואס? אוּיךְ דָאס וֶועט עֶר נִישְׁט טְהוּן? לוֹיף שְׁנֶעל, וָאג אִיהם דָאס אִיךְ לָאז אִיהם פְרַיי, נוּר לָאז אִיהם קוּמֶען, דוּ הָערְסְט? עֶר מוּז קוּמֶען!

**קינד:** פַּאפַּא! פַּאפַּא!

**הנה׳לע:** עֶר רוּפְט אִיהם, אַיין שְׁטֶערְבֶּענְד קִינְד רוּפְט זַיין פָאטֶער, גָאט אִין הִימֶעל! וואוּ אִיז דִי גֶערֶעכְטִיגְקַייט? וֶוענֶען דֶען אַלֶע הֶערְצֶער פוּן שְׁטַיין? רוּף אִיהם! בְּרֶענְג אִיהם! און גָאט זָאל דִיךְ בֶּעלָאהנֶען!

**מאקס:** יָא אִיךְ גֶעה! קַיין מֶערְטֶע דֶער וֶועלְט זָאל אִיהם צוּרִיקְהַאלְטֶען, עֶר מוּז אַהֶערְקוּמֶען צוּ דֶעם קְרַאנְקֶען לַאגֶער פוּן זַיין קִינְד, עֶר מוּז קוּמֶען אָדֶער אִיךְ עֶרְמָארְדֶע אִיהם! (אב).

**הנה׳לע:** קְלַאפּ, קְלַאפּ, דוּ אָרֶעם פֶערְוואוּנְדֶעט הַארְץ, וַויינְט אִיהר קְרַאנְקֶע אוֹיגֶען אוֹיב אִיהר קֶענְט נָאךְ גֶעפִינֶען טְרֶערֶען, אָה דוּ שְׁרֶעקְלִיכֶער גָאט! וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעטְהוּן? וָוארוּם לָאזְטוּ מִיךְ אַזוֹי פְלַאגֶען אוֹיף דַיין פִינְסְטֶערֶער וֶועלְט? אִיךְ קֶען נִישְׁט, אִיךְ וִויל נִישְׁט מֶעהר לֶעבֶּען (ערבליקט דאס קינד) אָה וִוי פֶערְעֶנְדֶערְט? וִוי בְּלַאס! אִיךְ צִיטֶער אִיהם נֶעהנְטֶער צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען (רופט) פַּאטֶער! פַּאטֶער! וואוּ בִּיזְטוּ אוּנְגְלִיקְלִיכֶער אַלְטֶער קְרַאנְקֶער פַּאטֶער.

(אויפטריט לעווענזאהן).

**לעווענזאהן:** וֶועה אִיז מִיר וָואס אִיז גֶעשֶׁעהן? וָואס פַאר אַיין אוּנְגְלִיק? וָואס בֶּעטַייט דַיין קְלַאגֶען, דַיין יָאמֶערֶען?

**הנה׳לע:** פַּאטֶער! מַיין קִינְד שְׁטַארְבְּט! וֶועה, בֶּעטְרַאכְט אִיהם, עֶר אָטֶעהמְט אוּם זַיין לֶעצְטֶען לֶעבֶּענְסְהוֹיךְ, עֶר רוּפְט זַיין פָאטֶער, אָבֶּער עֶר אִיז נָאךְ נִישְׁט דָא, אִיךְ הָאבּ נָאךְ אִיהם גֶעשִׁיקְט אָבֶּער עֶר אִיז נָאךְ נִישְׁט גֶעקוּמֶען, פַּאטֶער עֶס אִיז שׁוֹין צוּפִיעל, אִיךְ קָאן נִישְׁט מֶעהר, אָה פַּאטֶער! מַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶער פַּאטֶער! (פאלט אויף זיין ברוסט).

לעווענזאהן: (וויינט) אוי אוי אוי גוטער גאָטעניו! דו וועהסט אַלדינג צו און שווייגסט, נאָר האָסט אַ וַדאַי רעכט, דיך טאָר מען נישט פרעגען וואס דו טהוסט דו קענסט אָבער נישט פערלאַנגען אַז אַזאַ גראָבער יונג ווי איך זאָל זיין מעהר צדיק ווי איוב, דו שניידסט מיין פלייש אין שטיקער און איך זאָל שווייגען? דו דערהרגעסט מיינע קינדערלעך און איך זאָל נישט זינדיגען? ניין גוטער גאָטעניו, איך וויל נישט, איך וויל נישט, איך קען נישט שווייגען.

(אויפטריט ליליענטהאל).

הנה'לע: (לויפט איהם ענטקעגען) וועט ער קומען? וועט ער איהם זעהן? נישט וואהר, איהר האָט אונז פערגעבען? מיר און דעם קינד!

ליליענטהאל: איך פערשטעה נישט וואס דו מיינסט.

הנה'לע: איהר קאָנט מיך נישט פערשטעהן, ווייל איהר האָט קיין געפיהל, איהר אייזען, מעטאַל, מאַרמאָר, אַלזאָ צו וואס זענט איהר געקומען?

ליליענטהאל: איך בין געקומען אום צו דיין פערשטאַנד צו רעדען, איך וויל דיר ערקלעהרען דאָס דו טהוסט אַ גרויס אונרעכט דאמיט וואס דו האָפסט נאָך אימער אויף מיין זוהן, און דו דענקסט דאָס ער וועט דיך הייראַטען.

הנה'לע: נון וואס פערלאַנגט איהר פון מיר?

ליליענטהאל: חנה'לע, איך בין נישט געקומען מיט דיר שטרענג צו רעדען, מיר טהוט עס זעהר וועה צו זעהן דיך אַזוי פיעל ליידען איבער דעם לייכטזין פון מיין פערפיהרטען זוהן, אָבער דו מוזט צוגעבען דאָס ווייטער קאָן עס אַזוי נישט געהן, ער קען דיך קיינמאָל נישט צו זיינער פרוי מאַכען.

חנה'לע: אָבער מיין קינד, אונזער קינד.

ליליענטהאל: דאָס איז שוין רעכט, איך וויל דאָס אַלעס גוט מאַכען, וואס וועסטו פראָפּעטירען ווען דו וועסט איהם נאָכיאָגען, ער קאָן דיך נישט הייראַטען, דען ער וועט זיך, ווי אויך מיך רוינירען.

לעווענזאהן: גאָט איז מיין עדות, אַז מיין לעצט ביסעל כוחות האָלט איך מיך צוריק אַייך קיין וואָרט צו ענטפערן, נישט אפילו אין איינער

טְרֵיפָה פַּרְצוּף צוּ קוּקֶען, עֶס אִיז דָאךְ אָבֶּער שׁוֹין נִישְׁט מֶעהר צוּם אוֹיסְהַאלְטֶען, וִוי אַ מְשׁוּגֶע׳נֶער הוּנְד וָואס רֵייסְט זִיךְ אָב פוּן דֶער קַייט, אַזוֹי וָואלְט אִיךְ מִיךְ אִיבֶּער אַייךְ גֶעוָוארְפֶען, אַייךְ צֶעקְרַאצֶען, צֶערַאסֶען, צֶעבַּאסֶען, אִיהר הִילְטֵיי, אִיהר כֶּלֶב שֶׁבְּכָל הַכְּלָבִים אִיהר פּוֹשֵׁע, אִיהר וֶוענְט נָאךְ גֶערֶעכְט? אַייךְ קוּמְט נָאךְ עֶפֶּעס אַרוֹיכ הַא? אַ נוּ, קוּקְט אַהֶער בֶּעטְרַאכְט נֶעבִּיךְ דָאס יוּנְגֶע צְוַויינֶעלֶע, וֶועלְכֶעס הַאלְט בַּיי אַנְבְּרֶעכֶען, קוּקְט אַרַיין אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, וֶועלְכֶע זֶענֶען צוּשְׁטָאכֶען, צֶעבְּרָאכֶען, דֶעמָאלְט וֶועט אִיהר שׁוֹין אִין אַייעֶרֶע גְרוֹיסֶע צָרוֹת אַבִּיסֶעלֶע פֶּערְגֶעסֶען.

**חנה׳לע:** אָה, ה׳ לִילְיֶענְטְהַאל! עֶר אִיז אַייעֶר בְּלוּט אוּן פְלֵיישׁ, אִיךְ שְׁוֶוער עֶס בַּיי גָאט דָאס עֶר אִיז אַייעֶר קִינְד, עֶר אִיז גֶעפֶעהְרְלִיךְ קְרַאנְק, עֶר שְׁטִירְבְּט לָאוּט אִיהם דָאךְ וֶוענִיגְסְטֶענְס שְׁטֶערְבֶּען אַיין אָרֶענְטְלִיךְ קִינְד מִיט זַיין פָּאטֶערְס נָאמֶען.

**לִילְיענטהאל:** דוּ רֶעדְסְט אוּנְזִין.

**לעווענזאהן:** וִוי רֶעדְט אוּנְזִין? נַיין, אִיהר זָאגְט אַ לִיגֶען! אַצוּנְדֶערְט וֶועל אִיךְ אַלְסְדִינְג אוֹיסְזָאגֶען, מַיין טָאכְטֶער אִיז אַיין עֶהְרְלִיכֶע פְרוֹי, וִוי אִיז אַייעֶר זוּהְנְס גֶעזֶעצְלִיכֶע...

**חנה׳לע:** פַּאטֶער דוּ הָאסְט גֶעשְׁווארֶען צוּ שְׁוַויגֶען.

**לעווענזאהן:** יָא אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁווארֶען, וֶועה אִיז צוּ מַיינֶע יָאהר, אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁווארֶען.

**קינד:** פַּאפַּא!

**חנה׳לע:** וֶועט אִיהר קֵיין וָוארְט צוּ אִיהם רֶעדֶען? קֶענְט אִיהר אַזוֹי גְלֵייכְגִילְטִיג זַיין בַּיים עֶרְשְׁטֶען אָנְבְּלִיק פוּן אַייעֶר קִינְדְס שְׁטֶערְבֶּענְדֶעס קִינְד?

**לִיליענטהאל:** (געהט צו) יוּנְגֶעלֶע פִּיהְלְסְט דִיךְ בֶּעסֶער.

**קינד:** וֶוער וֶוענְט אִיהר?

**חנה׳לע:** עֶר אִיז מַיין קִינְד! (ליליענטהאל ווינקט זי זאל נישט רעדען).

**לעווענזאהן:** נוּ וָואס אִיז, וָואס וִוינְקְט אִיהר אַזוֹי מִיט אַייעֶרֶע גְנֵבִישֶׁע אוֹיגֶען, עֶר אִיז דַיין זֵיידֶע מַיין קִינְד, יָא דַיין זֵיידֶע יִמַח שְׁמוֹ...

**קינד:** מַיין זֵיידֶע? פַּאפַּאס פָאטֶער? קוּם אַהֶער זֵיידֶענְיוּ, אִיךְ וִויל דִיךְ

קִשֶׁען, דוּ וֶועסְט נִישְׁט פֶּערְלָאזֶען מַיין מַאמַא וֶוען אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבֶּען, קִישׁ מִיךְ וַיידֶענְיוּ (קישט איהם) אָה מוּטֶער! מִיר אִיז אַזוֹי שְׁלֶעכְט מוּטֶער. וואוּ בִּיזְטוּ אִיךְ זֶעה דִיךְ נִישְׁט.

**חנה׳לע:** דָא בִּין אִיךְ נֶעבֶּען דִיר מַיין קִינְד.

**קינד:** לָאז מִיךְ נִישְׁט אַלֵיין, מִיר אִיז אַזוֹי שְׁלֶעכְט. מִיר אִיז אַזוֹי קַאלְט. אָה מוּטֶער! (וויינט).

**חנה׳לע:** הֶערִי מַיין קִינְד, אֵיינְצִיגֶע טְרַייסְט פוּן מַיין לֶעבֶּען, פֶערְלָאז מִיךְ נִישְׁט, אִיךְ בְּלַייבּ אַזוֹי עֶלֶענְד, אַזוֹי עֶלֶענְד.

**קינד:** אַךְ מִיר אִיז אַזוֹי גוּט, דֶער פַּאפַּא וֶועט קוּמֶען אוּן וֶועט אוּנְז נֶעמֶען צוּ זִיךְ, מַאמַא!

**חנה׳לע:** וָואס אִיז מַיין קִינְד?

**קינד:** וַיידֶענְיוּ!

**ליליענטהאל:** (וויל צוגעהן).

**קינד:** נַיין, יֶענֶער וַיידֶענְיוּ!

**לעוועננזאהן:** וָואס אִיז מַיין קִינְד?

**קינד:** וַיידֶענְיוּ שְׁפִּיעל מִיר דָאס ל–ד–אי–א–ש (שטארבט).

**ליליענטהאל:** עֶר שְׁלָאפְט אַיין.

**הנה׳לע:** זַיין הַאנְד אִיז קַאלְט (טאפט זי) מַיין גָאט! הֶערִי מַיין קִינְד. עֶפֶען דַיינֶע אוֹיגֶען, קוּק מִיךְ אָן, נוּר אַיין בְּלִיק, נוּר אַיין שְׁמַייכֶעלֶע.

**ליליענטהאל:** (נעמט זיין פולז) עֶר אִיז טוֹיט.

**הנה׳לע:** טוֹיט? נַיין נַיין! זֶעהט אִיהר דֶען נִישְׁט זַיין זִיעס שְׁמַייכֶעלֶע? זַיינֶע לִיפֶּען? עֶר טְרַייטְט פוּן זַיין גְלִיקְלִיכֶער צוּקוּנְפְט, פַאר אִיהם אוּן פַאר זַיינֶע מוּטֶער שַׁ. שַׁ. שְׁטִיל, וֶועקְט אִיהם נִישְׁט. אַךְ פַאטֶער! פַאטֶער!

(אויפטרט מאַקס, ארנאלד).

**ליליענטהאל:** צוּ שְׁפֶּעט, עֶר אִיז טוֹיט!

**הנה׳לע:** נִישְׁט וָואהר עֶר שְׁלָאפְט, עֶר טְרַיימְט, אַרְנָאלְד! בִּיזְטוּ גֶעקוּמֶען

אִיהם צוּ וֶועהֶען? פון אִיהם אַבְּשִׁיעד נֶעהמֶען? רֶעד צוּ אִיהם עֶר וָועט דִיר עֶנְטְפָערְן, עֶר הָאט אוֹיף דִיר גֶעבְּרֶענְט, עֶר הָאט דִיךְ גֶערוּפֶען.

**ארנאלד:** (קניעט נעבען בעט) וַואךְ אוֹיף מֵיין קִינְד! פַּאפַּא אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיר, עֶר לִיעבְּט דִיךְ, הֶערִי, (שיטעלט דאס קינד) הֶערִי מֵיין קִינְד, (לויפט צום פאטער) אָה פַּאטֶער! (ווייזט אויף דער לייכע), פַּאטֶער! (פאלט איבערן בעט, חנה אויף לעוועגזאהן. — פּאָזיציאָן).

# פ א ר ה א נ ג.

ענדע פונ'ם דריטען אקט.





# פיערטער אַקט.

(דיעזעלבע איינריכטונג ווי אין ערשטען אקט).

(אויפטריט טשאלי, ליזא).

**ליזא:** שלימזלדיגער מאן מיינער די אבגערובענער בעל מלאכה, ווער בעט דיך אז דו זאלסט דיך מישען אין מיינע זאכען, האב איך דיך געבעטען אז דו זאלסט מיר דא העלפען?

**טשאלי:** אז א קלאג צו דיר! נישט גענוג איך טהו צווייערליי ארבייט, ליעג א גאנצען טאג אין פאבריק און דערנאך קום איך צו דיר אויסהעלפען טויג דיר נאך נישט? די גראבארטיגע לעדי מיינע.

**ליזא:** וואס האסטו געזאגט יאלד? שאק! (קנאקט מיט'ן פינגער).

**טשאלי:** קוק אן א גאנצער מאבער, שאק! מיט'ן פינגעריל א קנאק, און קאטשעט זיך ווי א ראק, אוי, א קלאג צו מיינע יאהר, בין איך קראנק געוועהן צו בלייבען א בחור? וואס האט מיר געפעהלט? וואס האט מיך געהארט אז דו ביזט מיר נאכגעלאפען און געוויינט. טשאלי ווען וועלען מירביידע התונה האבען? טשאלי איך האב געוועהן פינף התונה'ס ארויסלאהרען פון עסינגסטריט שוהל, און אצינד א קלאג צו דיינע יאהר, אצינד בין איך שוין נאר א יאלד, פע! דאס פאסט פאר א בעטלערין, נישט פאר א לעדי שאק.

**ליזא:** וועל! א דאס איז עס, העלף דיר אז דו קענסט.

**טשאלי:** געווים קען איך מיר נישט העלפען, די מדינה איז דאך נאר טאקע געשאפען פאר א זעלבע לעדים ווי דו ביזט, אז אך און וועה איז צו קאלומבוסען אז דו ביזט א לעדי.

**ליזא:** כֶעה! דו זָאלְכְט אויפְהֶערֶען צו בֶּעלֵיידִיגֶען, וָוארום דו ווייסְט וֶוער אִיךְ בִּין?

**טשאלי:** אִיךְ ווייס, אִיךְ קֶען דִיךְ, וָואס דֶען? רֵיים מִיר דֶעם אויעֶר, גֶעה מִיר אִיבֶּער דִי קֶעשׁענֶעס, גֶענוג גֶעטֶענֶה׳ט, וָואס טויגֶען דִי רֶעדֶעס? עֶס אִיז אֵייעֶר לַאנְד אִיהר וֶוענְט דָא דִי מַאבֶּערִם (מען הערט שרייען ליזא) אַהַא מִים לֶעדִי, מֶען רוּפְט אַייךְ אִין קֶעךְ אַרַיין, גֶעהט און קָאכְט וֶועטְשֶׁערֶע.

**ליזא:** אָלְרֵייט! עֶס אִיז דַיין גְלִיק וָואס מֶען רוּפְט מִיךְ אַוֶועק, גֶעדֶענְק טְשַׁאלִי, גֶעדֶענְק.

**טשאלי:** אִיךְ הָאב דִיךְ אִין דֶער אַדָמָה.

**ליזא:** וָואס? דו וֶועסְט דִיךְ וַואגֶען מִיךְ צו שֶׁעלְטֶען? (וויל איהם שלאגען, מען הערט שרייען ליזא) אָלְרֵייט! אִיךְ קוּם אִין דִי מִינוּט. (לאָזט זיך געהן).

**טשאלי:** סֶעה! לִיזַא, און דִי שֶׁעהמְסְט דִיךְ נִישְׁט הַיינְט אִין פּוּרִים וֶוען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט וֶועט עֶסֶען, טְרִינְקֶען, טַאנְצֶען און פְרֶעהלִיךְ זַיין וָאלֶען מִיר זִיךְ בֵּיידֶע גָאר אַרוּמְקְרִיגֶען? אַדְרַבָּא, זָאג דו אַלֵיין וָואס פַאר אַ פָּנִים הָאט אַ פֶּערְוַויינְטֶער פּוּרִים?

**ליזא:** טְשַׁאלִי, ווייסְטוּ וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען? דו הָאסְט רֶעכְט, אִיךְ עֶרְלוֹיבּ דִיר צו קִישֶׁען מַיין הַאנְד. (האנד קאָמיש).

**טשאלי:** וָואס טויג מִיר דִי הַאנְד, גִיבּ אַהֶער דִי מָארְדֶע (ער קישט זי) אָט אַזוי אַצִינְד וֶועל אִיךְ שוין הָאבֶּען אַ פּוּרֶעל צוּם טַאנְצֶען.

**ליזא:** וִוי ווִילְסְטוּ דֶען טַאנְצֶען?

**טשאלי:** וָואס הֵייסְט? ווייסְטוּ דֶען נִישְׁט אַז הַיינְט בֵּיי דֶער נַאכְט וֶועט לְכָבוֹד אַרְנָאלְדֶ׳ס כַּלָה, בֵּיי אוּנְס זַיין אַ זָעלְטֶענֶער פּוּרִים מַאסְקֶענְבַּאל?

**ליזא:** נוּ, וֶועט מֶען דֶען אוּנְז אַרַיין לָאזֶען?

**טשאלי:** אוי דִי נַארר, אַלֶע וֶועלֶען דָאךְ זַיין מַאסְקִירְט וֶועלֶען מִיר זִיךְ אוֹיךְ מַאסְקִירֶען און מִיר וֶועלֶען טַאנְצֶען מִיט דִי רַייכְסְטֶע הֶערְרֶן און דַאמֶען.

**ליזא:** וִוי אַזוי וֶועסְטוּ עֶס מַאכֶען?

**טשאלי:** הער אוים, דער הערר ליליענטהאל האט מיר געזאגט איך זאל מיך אונטהון אין א... ליווריע. איך וועל א ודאי מוזען בעדיענען די וועטשעלמאנס און דו וועסט בעדיענען צרות... ניין די ליידעס, אלזא אויף מיין ליווריע וועל איך אויף מיר ארויף כאפען עפעס א מין וועהטאג און דו עפעס איין אונגליק, וועט מען דאך מיינען אז מיר ווענען אויך געסט וועלען מיר טאנצען אויף וואס די וועלט שטייט.

**ליזא:** בראוואָ! טשאלי, איך אויך.

**טשאלי:** נאר געדענק דו זאלסט נישט טאנצען מיט א פרעמדע וואָרן איך פאטש!

**ליזא:** איך אויך.

I,

**טשאלי:** הער צו ליזא שעהנע,
וואס איך זאג דיר קליינע,
אז איך שלאף די גאנצע נאכט.

**ליזא:** איך אויך! נאר איך האב א פעהלער,
אזוי אפט איך געה אין קעלער,
האב איך קיין אויג נישט צוגעמאכט.

**טשאלי:** איך אויך! צו זיצען לאנגזאם זיפען,
ביז דער וויין הייבט אן צו שטיפען,
אוי קומט מיר צו א שטיק געזונד.

**ליזא:** מיר אויך! אבער אין דער פריה,
גיט עס ביים הערץ א בריה,
און דער קאפ דרעהט זיך מיר ווי דער ווינד.

**טשאלי:** מיר אבער נישט!

**ביידע:** נו געמזשע דיר אין מוח,
און געדענק דאס ווארט נאר אויך
אזוי וועלען מיר לעבען אויף גאטס כח
און וואס עס וועט זיין מארגען,
זאל זיך נאר דער הערר גאט זארגען,
אזוי וועלען מיר לעבען לאבען אז ס'וועט אוש געהן א רויך.

II.

**טשאלי:** אַלֶע דאַמֶען הַייטֶע,
מַאכְט עֶס גְרוֹיסֶע פְרֵיידֶע,
זִיךְ צוּ פִּיצֶען וִוי אַ טָאק.

**ליזא:** אִיךְ אוֹיךְ! נוּ וַוייל עֶבֶּען דִי מֶענֶער,
לִיעבֶּען נוּר וָואס שֶׁענֶער,
אַ יָאה דוּ קָאפֶּעלְכְט מִיטְ׳ן שָׁאק.

**טשאלי:** אִיךְ אוֹיךְ! נִישְׁט דָאס פּוּטְצֶען הַארְט מִיךְ,
כְ׳הָאבּ וֶעהר פַיינְט אַז מֶען נַארְט מִיךְ,
דָאס שְׁמוּעסֶען הָאט דָאךְ גָאר קֵיין צְוֶועק.

**ליזא:** אִיךְ אוֹיךְ! דוּ מֵיינְסְט דֶעם פַאלְשֶׁען צוֹיבֶּער,
פוּן אוֹיבֶּען אַלֶעס זוֹיבֶּער
אוּן צוּ הוֹיז שְׁווִימְט זִי וַוייט אִין שְׁמוּץ.

**טשאלי:** דוּ אָבֶּער נִישְׁט.

**ביידע:** נוּ גֶעמְזָשֶׁע דִיר אִין מוֹהַ א. אז. וו.

III.

**טשאלי:** וָאל אִיךְ עֶפִּים בֶּעגֶעהרֶען,
אוּן דוּ וָאלְסְט מִיךְ נִישְׁט הֶערֶען,
הָאבּ אִיךְ אַ טֶבַע אַז אִיךְ שְׁלָאג.

**ליזא:** אִיךְ אוֹיךְ! וָאלְסְט אָבֶער נִישְׁט מֵיינֶען,
אַז אִיךְ וֶועל מִיךְ שֶׁעהמֶען,
דִיךְ צוּ דִישֶׁען בִּיז אִין טָאג.

**טשאלי:** אִיךְ אוֹיךְ! בְּלַייבְּסְטוּ, לִיעבּ אוּן פֵיין,
וִוי אַ גוּטֶע פְרוֹי דַארְף זַיין,
וֶועסְטוּ מִיךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט וֶעהן אִין כַּעַס.

**ליזא:** מִיךְ אוֹיךְ! אוּן אִיךְ וֶועל דִיךְ שְׁטָאפֶּען,
מִיט מַאֲכָלִים וִוי אִין טְרָאפֶּען,
דוּ וָאלְסְט וֶוערֶען דִיק וִוי אַ פַאס.

**טשאלי:** דוּ אָבֶּער אוֹיךְ.

**ביידע:** נוּ נֶעמְזְשֶׁע דִיר אִין מוֹחַ א. אז. וו.

IV.

**טשאלי:** אוּן הָאבֶּען מִיר אָבְּגֶעזוּוּנְגֶען,
אוּן כְ׳אִ׳ז אוּנְז גֶעלוּנְגֶען,
רוּפְט מֶען מִיךְ וִויעדֶער אַרוֹים,

**ליזא:** מִיךְ אוֹיךְ! קֶענְבְּט זַיי אַלֶע פְּרֶעגֶען,
אִיךְ הָאבּ נִישְׁט דַאגֶעגֶען,
אַז מִיר גֶעהֶערְט גָאר דֶער אַפְּלוֹיז.

**טשאלי:** מִיר אוֹיךְ! נוּ זָאגְט אַדְרַבֶּה,
דֶעם רֶבִּי׳ן צוּ דֶעם גַבְּאִי,
קוּמְט דֶער כָּבוֹד זָאגְט נָאר גֶעךְ.

**ליזא:** מִיךְ אוֹיךְ! וָואס בִּיזְטוּ אָהן לִיעדֶעל,
וִוי אַ שְׁמִיטְשִׁיק אָהן אַ פִידֶעל,
דִי הוֹיפְּטְזַאךְ בִּין דָאךְ נָאר אִיךְ.

**טשאלי:** דֶער שְׁמִיטְשִׁיק אָבֶּער אוֹיךְ!

**ביידע:** נוּ נֶעמְזְשֶׁע דִיר אִין מוֹחַ א. אז. וו.

(ליזא אב).

**טשאלי:** עֶס לֶעבְּט אוּן מוּטְשֶׁעט זִיךְ, גֶעה זַיי אוֹיף אִיהר בַּייז אַז זִי אִיז אַזוֹי שֶׁעהן צוּנ׳אַלְדֶע גוּטֶע יָאהר. מֶעהרֶערֶע מָאל דֶערְגֶעהט זִי מִיר אַזוֹי דִי יָאהר אַז אִיךְ וָואלְט אִיהר גֶעוָואלְט פֶּערְפָּאהרֶען אִין פִּיסְק אַרַיין, אַזוֹי וִוי מַיין טַאטֶע כְּלֶעגְט מַיין מַאמֶען גֶעבֶּען אַרִים אִין פְּרֶעסֶער אַז זִי הָאט אִיהם נִישְׁט גֶעפָּאלְגְט. הָאבּ אִיךְ אָבֶּער מוֹרָא וַוייל אִין דֶער מְדִינָה וֶועֶען זַיי דִי מְיוּחָסִים אוּן מִיר מֶעגֶער מוּזֶען טַאנְצֶען וִוי דִי מוּזִיק שְׁפִּיעלְט.

I.

דִי וֶועלְט אִיז אַיין אָרְקֶעסְטֶער מִיט פֶערְשִׁיעדֶענֶע מוּזִיק,
אוּן שְׁפִּיעלְט אַיעדֶען מֶענְשֶׁען וִוי אִיהם פַּאסְט,

אײנֶעם שְׁפּיעלְט זי פְּרֶעהלִיכֶעס און דֶער לֶעבְּט און לַאכְט אין גְלִיק;
בּײם צְװײטֶען פַּײפְט דֶער דַלוֹת און עֶר פַּאסְט,
אײנֶער הָאט אַ װײבּ אַ צָרָה זי קְװֶעהלְט איהם בּיז צום טױדְט,
און אײנֶער הָאט זֶעכְס קִינְדֶער אָהן בְּרױט,
אַיֶעדֶער הָאט זַײן בִּינְטֶעל צָרוֹת און טְרָאגְט זיך דֶערְמִיט אַרום,
דָאס אָרְקֶעסְטֶער שְׁפּיעלְט דָאס זֶעלְבֶּע אוּמֶעטום,
הֶערְט הֶערְט הֶערְט
װָען מֶען װֶערְט נָאר גֶעבױרֶען,
קְלִינְגְט שוֹין אין די אױעֶרֶען,
װי די מוּזיק שְׁפּיעלְט,
מֶען לֶעבְּט אין גֶעטִימֶעל,
מֶען טַאנְצְט צו צום הִימֶעל,
און די מוּזיק שְׁפּיעלְט,
מֶען רײסְט זיך, מֶען בּײסְט זיך,
מֶען יָאגְט זיך, מֶען שְׁלָאגְט זיך,
אַיֶעדֶער צום בֶּעסְטֶען נָאר ציעלְט,
פְּלוּצִים פַּאלְט מֶען אַנידֶער,
און מֶען שְׁטַארְבְּט אָהן גֶערִידֶער,
און די מוּזיק שְׁפּיעלְט.

II.

איך הָאבּ אַמָאל גֶעקֶענְט אַ רײכֶען מַאן, דַוְקָא נִישְׁט קײן נַאר,
עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען װי צו מַאכֶען גֶעלְד,
אין רוּסְלַאנְד הָאט עֶר גֶעלָאזְט אַ װײבּ אין עֶלֶענְד און צַעַר,
און איז אַנְטְלָאפֶען אין דֶער נײעֶר װעלְט.
אַלְס בָּחוּר הָאט עֶר זיך דָא פַאר אַלֶע פָארְגֶעשְׁטֶעלְט,
אַ כַּלָה הָאט עֶר גֶעקְרִיעגֶען מיט נַדן,
מיט אַ גַאנְץ אָרְקֶעסְטֶער הָאט עֶר דָא אַ חוּפָּה גֶעשְׁטֶעלְט,
דָאס עֶרְשְׁטֶע װײבּיל קוּמְט אָן אין זַאל אַרײן,
אױ אױ אױ
דֶער חָתָן בְּלַײבְּט שְׁטֶעהן
און עֶס קְלַאפְּט איהם די צײהן,

אוּן דִי מוּזִיק שְׁפִּיעלְט,
אִין מִיטֶען דֶער פְרַיידֶע,
אַנְטְלוֹיפְט עֶר פוּן בֵּיידֶע,
אוּן דִי מוּזִיק שְׁפִּיעלְט,
דֶער מְחוּתָּן דֶער שַׁדְכָן,
דֶער סַארְוֶוער דֶער בַּדְחָן,
שְׁרַייעֶן דִי יוֹיךְ וֶוערְט פֶּערְקִיהלְט,
דָא בְּלַייבֶּען צְווֵיי קָרְבָּנוֹת,
אֶ שְׁאלְטִיקְס לֵיצָנוּת,
אוּן דִי מוּזִיק שְׁפִּיעלְט.

III.

אִיךְ הָאבּ אַמָאל גֶעלֶעזֶען אַ טְהֶעאַטֶער צֶעטֶעל אוּן דָארְט אִיז גֶעוֶוען אַנָאנְסִירְט,
אַז אַ קָאמִיקֶער וֶועט שְׁפִּיעלֶען זֶעהר שֶׁעהן,
מֶען הָאט גֶעזָאגְט אַז דֶער קִינְסְטְלֶער אִיז עֶקְסְטְרַא עֶנְגַאזְשִׁירְט,
נַאטִירְלִיךְ בִּין אִיךְ אִיהם גֶעגַאנְגֶען זֶעהן,
דֶער פָארְהַאנְג וַואר שׁוֹין אָפֶען, דֶער טְהֶעאַטֶער פוּל גֶעפַּאקְט,
דָאס פּוּבְּלִיקוּם גֶעשְׁפַּאנְט מִיט זֵייעֶר בְּלִיק,
דִי לִימָאנַאדְקֶע פְלֶעשְׁלֶעךְ הָאבֶּען אַלֶע מָאל גֶעקְנַאקְט,
אוּן דֶער קָאמִיקֶער עֶרְשַׁיינְט פַאר אוּנְז מִיט גְלִיק,
אוֹי אוֹי אוֹי
דֶער קָאמִיקֶער פַארְ'ן עוֹלָם,
בְּלַייבְּט שְׁטֶעהן ווִי אַ גוֹלֶם,
אוּן דִי מוּזִיק שְׁפִּיעלְט,
עֶר קוּקְט אַהִין אוּן אַהֶער,
אוּן טַעֲנֶה'ט צוּם סוּפְלֶער,
אִיהר קֶענְט שׁוֹין פֶערְשְׁטֶעהן וָואס עֶר פִיהלְט,
פְּלוּצִים הֶערְט עֶר אַ גֶעשְׁרֵיי,
אוּן כַאפְּט אַ פּוֹיל אֵיי,
אוּן דִי מוּזִיק שְׁפִּיעלְט.

(טשאלי אב).

(אויפטריט ראזא, מאקס באלמעסיג).

**ראזא:** האט איהר מיין דעפּעשע ערהאלטען?

**מאקס:** איין בעווייז דאס איך בין געקומען.

**ראזא:** יונגער הערר! איך וויל אייך נישט לאנג אין אנשפּרוך נעהמען, דארום וועל איך מיין געשפּרעך ווי ווייט מעגליך קירצען. אלזא הערר ליליענטהאל! היינט איז פאר מיר א גרויסער טאג, דען היינט וועל איך די היילינגסטע אויפגאבע פון מיין לעבען ערפילען.

**מאקס:** גנעדיגעס פריילין! איהר זענט אזוי פערווירט. איהר זעהט אזוי שרעקליך נערוועז אוים. ערלויבט מיר צו בעמערקען דאס איך האב אייך נאך נישט פאלשטענדיג פערשטאנען.

**ראזא:** איהר וועט מיך באלד פערשטעהען, הער ליליענטהאל, איך קום צו אייך מיט א ביטע.

**מאקס:** צו מיר?

**ראזא:** יא, איהר זענט איין עדלער מענש און דארום וועט איהר זיך נישט ענטזאגען מיר אן דער האנד צו געהן אום א בערויבטע איהרע רעכטע צוריקצוגעבען! אום איין אלטען און שרעקליכען פעהלער וויעדער גוט צו מאכען, היינט פיהל איך מיך צום ערשטען מאל בעלעבט, גליקליך און ערלעזט, מיינע וואונדען זענען פערהיילט, דען היינט וועט די טוגענד טריומפירען, און דער פרויענשטאלץ וועט די גרעסטע עראבערונג מאכען.

**מאקס:** יא גנעדיגעס פריילין, אבער...

**ראזא:** אה! איהר פערשטעהט נאך אימער נישט וואס איך מיין? אלזא גוט, הערר ליליענטהאל, די פערהעלטניסע פון אייער ברודער זענען מיר בעקאנט.

**מאקס:** אבער מים קאהן...

**ראזא:** איך ווייס דאס ער האט זיך זייט יאהרען מיט איין אונגליקליכע פערבונדען, זי איז געווארען א מוטער פון א קינד וועלכעס האט פאר דער צייט די וועלט פערלאזט.

**מאקס:** אה...

**ראזא:** איך האב דיעזע אונגליקליכע קענען געלערנט און איך מוז איהנען

אָפֶען גֶעשְׁטֶעהן דָאס אִיךְ הָאבּ מִיר קֵיינְמָאל נִישְׁט פַארְגֶעשְׁטֶעלְט צוּ גֶעפִינֶען אוּנְטֶער דֶער אָרֶעמְסְטֶע קְלַאס אַזוֹי אַ פְרוֹי ווִי חַנָה׳לֶע אִיז, טְרָאץ אַזוֹי פִיעל יָאהר לֵיידֶען דְרִיקְט זִיךְ אַיין עֶדְלֶער שְׁטָאלְץ אוֹיף אִיהר גֶעזִיכְט, לֵיידֶעט אוּן שְׁווַייגְט, לִיעבְּט אוּן דוּלְדֶעט, זִי אִיז אַיין מִיכְטֶער דֶער פְרוֹיעֶן, אוּן אִיךְ וֶועל נָאר דַאמָאלְס גְלִיקְלִיךְ אוּן שְׁטָאלְץ זַיין וֶוען אִיךְ וֶועל אִים שְׁטַאנְד זַיין צוּ זָאגֶען דָאס דוּרְךְ מִיר הָאט דִיעזֶער עֶנְגֶעל ווִיעדֶערוּם רוּהֶע אוּן צוּפְרִיעדֶענְהַייט גֶעפוּנֶען.

**מאקס:** דַאן וֶוענְט אִיהר אַיין לִיעבֶּענְסְווירְדִיגֶער עֶנְגֶעל.

**ראזא:** נַיין מֵיין פְרֵיינְד, אִיךְ טְהוּ בְּלוֹיז מֵיין פְּפְלִיכְט. דָאךְ צוּ וַאבֶּע, אַזוֹי ווִי אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט וֶוענְט אִיהר חַנָה׳לֶעס אוֹיפְרִיכְטִיגֶער פְרֵיינְד.

**מאקס:** יָא דֶער אֵיינְצִיגֶער אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט.

**ראזא:** אַלְזָא אִיהר מוּזְט חַנָה׳לֶע הַיינְט בַּיי נַאכְט אוֹיף דֶעם בַּאל מִיטְבְּרֶענְגֶען.

**מאקס:** וָואס? זִי אַהֶערְבְּרֶענְגֶען? אִיהר שְׁפַּאסְט גְנֶעדִיגֶעס פְרֵייל֞יין.

**ראזא:** נַיין מֵיין פְרֵיינְד, יֶעצְט גִילְט קֵיין שְׁפַּאס, הֶערְט! אַרְנָאלְד ווֵייסְט דָאס אוּם דֶעם פְרֵייז צוּ גֶעווִינֶען וֶועל אִיךְ אַלְס אַיין אָבְּגֶערִיסֶענֶע בֶּעטְלֶערִין ׳פֶערְקְלֵיידֶעט זַיין, אִיהר זָאלְט אִיהר פֶערְשַׁאפֶען אַזוֹי אַיין קָאסְטִיוּם, בְּרֶענְגְט זִי מִיט, אוּן דָאס אִיבְּרִיגֶע אִיבֶּערְלָאזְט מִיר.

**מאקס:** גְנֶעדִיגֶעס פְרֵייל֞יין! אָבְּצְוַואר אִיךְ בֶּעגְרֵייף נִישְׁט וָואס אִיהר ווִילְט טְהוּן, דָאךְ מוּז אִיךְ גֶעשְׁטֶעהן דָאס אִיהרֶע הַאנְדְלוּנְגֶען זֶענֶען נָאבֶּעל אוּן פָארְמוּטְהִיג, מִיס קָאהן! עֶרְלוֹיבְּט אִיהר מִיר אִין עֶהְרְפוּרְכְט אַייעֶר הַאנְד צוּ קִישֶׁען.

**ראזא:** קַאווַאלִיעֶר! עֶס וֶועט מִיר אַיין בֶּעזוּנְדֶער פֶערְגְנִיגֶען מַאכֶען אַייךְ פִיר דִי צוּקוּנְפְט נֶעהֶער קֶענֶען צוּ לֶערְנֶען (רייכט איהם די האנר) ווִילְט אִיהר מִיךְ בֶּעגְלֵייטֶען?

**מאקס:** אִה מִיט פֶערְגְנִיגֶען! מִיט דֶעם גְרֶעסְטֶען פֶערְגְנִיגֶען, הֶענְגְט מִיךְ אוֹיבּ עֶס אִיז קֵיין פֶערְגְנִיגֶען! (ביידע אב, מוזיק שפיעלט וואלצער).

(אויפּטריט א ר נ א ל ד).

**ארנאלד:** מוזיק, בּעלער, לוקסוס, עקוויפּאזשען, גלאנץ, רייכטהום, ליכט און לעבען פון אלע זייטען, ווערהרענד אין מיין הערץ איז עס וויסט און לעער, מיין פאטער איז גליקליך, מיינע מוטער צופריעדען, עס איז שרעקליך עס נישט צו ערטראגען, אה יאה! אין טאג נאך מיין האבציייט וועל איך איין זעלבסטמארד בּעגעהען, דאמיט וועל איך ערלעזט ווערען, און מיינע עלטערן גערעטעט פון...

(אויפּטריט ליליענטהאל).

**ליליענטהאל:** מיין גאט! ארנאלד וואס איז מיט דיר?

**ארנאלד:** מיין טהייערעס קינד! גאט ערבּארמע דיך מיינער!

**ליליענטהאל:** ארנאלד! וואס איז געשעהן?

**ארנאלד:** אה איהר ווענט עס מיין פאטער? איהר ווילט וויסען וואס עס איז געשעהען? נישט, גאר נישט! זעהט איהר דען נישט דאס איך בּין פאלשטענדיג צום באל פארבּערייטעט? נון וועה איך נישט נאבּעל אוים, פאטער?

**ליליענטהאל:** אין מיינע אויגען ועהסטו וואהנזיניג אויס.

**ארנאלד:** ווען איך בּין עס נישט, אזוי וועל איך עס ווערען, 9 יאהר לאנג האט איהר מיך צו דיעזען וואהנזין געטריעבּען, גענוג פאטער! מיט קאהן ליעב איך נישט און קיינמאל נישט וועל איך זי הייראטען.

**ליליענטהאל:** וואס? נישט הייראטען ראזא, האסטו געזאגט?

**ארנאלד:** ניין, פאטער!

**ליליענטהאל:** שוין וויעדער דיעזע אלטע לייער, אבּער דיעזע קאמעדיע מוז איינמאל אויסגעשפּיעלט ווערען, חנה'לע די נעהערין וועל איך קיינמאל נישט אלס מיין טאכטער ערקלעהרען, און בּלייבּסטו דאבּיי אזוי קענסטו מיט איהם צוזאמען בּעטלען געהן.

**ארנאלד:** פאטער!

**ליליענטהאל:** מיין הערר! איהר פאטער איז דער אלטער שניידער לעווענזאהן (אב.

ארנאלד: בּיי גאט, איך װערע גליקליך װען דיעזער עהרװירדיגער גרייז זאל זיין מיין פאטער! אַלזאָ עס איז געשעהן, װאס איך האב ערװארטעט איז ענדליך געקומען, יעצט הייסט עס נייער קאמפּף, נייע ליידען, נייע זארגען, און איך בּין שוין אַזױ מיעד, אָה מיין קאפּ, מיין קאפּ.

(אויפטריט מאקס מיט בלומען).

מאקס: (נאך פויזע) אַרנאלד! בּרודער! גיב מיר דיין האנד, דו פערצייהסט מיר? דו האסט פערגעסען אָן דער שרעקליכע סצענע צװישען בּרודער און בּרודער? אַרנאלד, דו ליידסט פיעל, איך װייס עס, הער מיין בּרודער (גיבט איהם די בלומען) דא האב איך דיר געבּראכט װאס די גוטע מוטער נאטור האט געפּפלאנצט אויף דעם גרוב פון דיין קינד.

ארנאלד: (קישט די בלומען) דו בּיזט געװעזען דארט?

מאקס: יא, איין קליינער שטיין װעלכער ענטהאלט צװיי ענגלען מיט צעבּראכענע פליגעל האב איך איהם געשטעלט און האב געלאזט אויסקריצען פאלגענדע װערטער: „היער רוהט דער קערפּער פון איין קינד, איין אונשולדיג און אהן זינד ער בעט בּיי גאט ער זאל פערגעבען דעמיעניגען װעלכער האט איהם געגעבען און גענומען דאס לעבען!“

ארנאלד: אָה װי דיעזע צארטע בּלומע הײלט מיין קראנק הארץ! איך הער די שטימע פון איין קינד װעלכעס שפּריכט צו מיר: „נאך האסטו צייט, דו קענסט נאך אַלעס גוט מאַכען“, איך דאנקע דיר בּרודער, דו בּיזט עדעל, דו בּיזט בּראװ! (מאקס װיל געהן) דו געהסט שוין? װאוהין?

מאקס: צו חנה׳לע?

ארנאלד: היער נעהם אויך דיעזע בּלומע, זאג איהר דאס זי איז געװעזען געדרוקט צו מיין הערץ און אין נאמען פון אונזער קינד זאג איהר זי זאל מיר פערצייהען?

מאקס: אַרנאלד! בּרודער! הער איך רעכט? איז אַלס װאהר?

ארנאלד: (װיינענד) יא מאקס עס איז װאהר! זאג איהר דאס געדולד בּרענגט ראזען, און די װאהרע ליעבּע לעבּט אייבּיג!

**מאכס:** אַרְנָאלְד בְּרוּדֶער! דו בִּזְט איין עֶנְגֶעל, הֶענְג מִיךְ אויב אִיךְ וָואלְט נִשְׁט גֶעוָואלְט גוּט וַויינֶען. גוּט בַּיי (אב).

(אויפטריט דבורה).

**דבורה:** ניין, עֶס קֶען נִשְׁט זַיין, אַרְנָאלְד מֵיין זוהן! דֶער פַּאטֶער אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ אויפְגֶערֶעגְט, איז אַלְס וָואהר?

**ארנאלד:** יָא מוּטֶער אַלְס אִיז וָואהר, אִיךְ הָאב קַיין קְרֶעפְטֶע מֶעהר צוּ קֶעמְפְּפֶען, מוּטֶער! לָאז מִיךְ אוּמְבְּלֶעטֶערְן איין נֵיי בְּלַאט אִין מֵיין לֶעבֶּען, איין נֵייס, איין רֵיין, איין אוּנְבֶּעפְלֶעקְט בְּלַאט. מוּטֶער! גִיב מִיר דֵיין זֶעגֶען.

**דבורה:** ניין מֵיין זוהן, אִיךְ בִּין שוֹין אַלְט, אִיךְ קֶען דִיךְ נִשְׁט פֶערְלָאזֶען מֵיין אַרְנָאלְד, מֵיין לִיעבְּלִינְג, גָאט זָאל דִיךְ זֶענְגֶען! קוּם מִיט מִיר אִיךְ וֶועל דֶעם פָאטֶערְס צָארֶען וֵוייכֶער מַאכֶען, אָבֶער בֶּעהאלְט דִיךְ הַיינְט רוּהִיג. און מָארְגֶען זָאל גָאט דֶער מוּטֶער דֶעם רִיכְטִיגֶען וֶועג ווייזֶען, ווִי אַזוֹי אִיהר קִינְד גְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכֶען, קוּם מֵיין זוהן.

**ארנאלד:** יָא, אִיךְ גֶעה! אִיךְ בִּין נֵיי בֶּעלֶעבְּט, אִיךְ פִּיהל ווִי דִי יוּגֶענְד קֶעהְרְט צוּרִיק, אָה מוּטֶער, מֵיינֶע מוּטֶער! (אב מיט איהר).

(אויפטריט טשאלי מאסקיערט).

**טשאלי:** אִיךְ מֵיין אַז אִיךְ בִּין גוּט מַאסְקִיעְרְט? אוֹי אַ שֶׁעהן פָּנִים וֶועל אִיךְ הָאבֶען אַז מֶען זָאל מִיךְ דֶערְקֶענֶען.

(אויפטריט ליזא מאסקיערט).

**ליזא:** מִיר צִיטֶערְט אַ צָאהן אָן אַ צָאהן, אִיךְ הָאב מוֹרָא, אַז מֶען זָאל מִיךְ נִשְׁט דֶערְקֶענֶען.

**טשאלי:** שֶׁעהנֶע מַאסְקֶע! דַארְף אִיךְ אַיךְ לַאדֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען וַואלְץ?

**ליזא:** וָואס אִיז דָאס פַאר אַ הַיָה?

**טשאלי:** מִיר שֵׁיינְט אַז ס'אִיז לִיזַא נָאר אִיךְ הָאב מִיךְ מוֹרָא צוּ גֶעבֶּען צוּ דֶערְקֶענֶען אֶפְשַׁר אִיז דָאס גָאר אַ פְרֶעמְדֶער:

**ליזא:** דָאס אִיז טְשַׁאלִי אָבֶער אִיךְ וֶועל מִיךְ נִשְׁט גֶעבֶּען צוּ דֶערְקֶענֶען דַאמִיט עֶר זָאל נִשְׁט אַייפֶערְזִיכְטִיג זַיין אַז אִיךְ וֶועל טַאנְצֶען מִיט אַיין אַנְדֶערְן.

(מוזיק טוש).

(אויפטריט ליליענטהאל (אלס אברהם), קאהן (אלס שרה) ראזא).

**טשאלי:** אַבְרָהָם אָבִינוּ וֶועט גֶעהן אַ פְּרֶעהלִיכֶעס מִיט דֶער מוּטֶער שָׂרָה, און דֶער שָׂטָן מִיטִ'ן קָאלְפִּיק וֶועט זִיךְ דְרֶעהֶען אִין דֶער מִיט.

(מוזיק טוש).

(אויפטריט מאקס (אלס קעניג ליער) חנה'לע (אלס בעטלערין).

**טשאלי:** דֶער יוּדִישֶׁער קֶענִיג לִיעֶר מִיט דָער בֶּעטְלֶערִין פוּן רָחֵל און לֵאָה ווִי אִיז זִיךְ דָאס צְוַואמֶען?

(מוזיק טוש).

(אויפטריט ארנאלד (אלס גבאי), דבורה (אלס חנה לאה).

**ריזא:** רבש"ע! דִי וֶועלְט הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעקֶעהרְט! דֶער גַבָּאִי פוּנִ'ם צֶעהנְטֶען גֶעבָּאט מִיט דֶער אַלְטִיטְשְׁקֶע חַנָה לֵאָה טַאנְצֶען אִין קָאהן?

**ארנאלד:** וֶוען אִיךְ הָאבּ קֵיין אִירְטְהוּם זָאל מִים קָאהן זִיךְ מַאסְקִירֶען אַלְם אָבְגֶערִיסֶענֶע בֶּעטְלֶערִין, ווִי מִיר שֵׁיינְט אִיז עֶס יֶענֶע מַאסְקֶע דָארְט, אִיךְ וֶועל מִיט אִיהר טַאנְצֶען און דַאבֵּיי אִיהר עֶרְקְלֶעהרֶען דָאס אִיךְ הַאסֶע זִי, יָא, אַזוֹי אִיז עֶס, טַאנְצֶענְד און גָאפֶּעל מוּז דִי וָועלְט צוּ גְרוּנְדֶע גֶעהן. (מוזיק וואלצער) מִים קָאהן, פָאלְגְט מֵיין רַאטְה און עֶנְטְזָאגְט זִיךְ פוּן דִיעֶזֶער פַּארְטִיע, דֶען אִיךְ הַאסֶע אַייךְ... און וֶועט אִיהר מִיךְ צְווִינְגֶען אַייךְ צוּ הֵיירַאטֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהר אוֹיף אִימֶער אוּנְגְלִיקְלִיךְ זַיין... אִיךְ לִיעבֶּע אֵיין אַנְדֶערֶע שׁוֹין זֵייט פִּיעלֶע יָאהרֶען, און בִּין מִיט אִיהר גֶעזֶעצְלִיךְ פֶּערְהֵיירַאטֶעט.

**לִיליענטהאל:** צְוֶועלְף אוּהר, מַאסְקֶען הֶערוּנְטֶער!

(טראמפעטענשאל, דעמאסקירונג).

**אלע:** חַנֶה'לֶע דִי נֶעהֶערִין הִיעֶר? (איבערראשונג).

**ליליענטהאל:** אָה דִיעזֶע שַׁאנְדֶע! ווִי הָאסְטוּ גֶעוַואגְט? וֶוער הָאט עֶס דִיר עֶרלוֹיבְּט הִיעֶר זִיךְ אֵיינְצוּשְׁלֵייכֶען? דוּ שֶׁענְדְלִיכֶע.

**ראזא:** הַאלְט! מר. לִילִיעֶנְטְהַאל! בֶּעלֵיידִיגְט נִישְׁט אִיהר אֵייגֶען בְּלוּט און פְלֵייש (אלעס שטוינט) יָא, דִיעזֶע עֶדְלֶע דַאמֶע אִיז אַייעֶר שְׁווִיעגֶער-טָאכְטֶער!

**אלע:** וָואס?

**ראזא:** אִיהר וואוּנְדֶערְט אַייךְ מֵיינֶע פְרֵיינְדֶע? אָה וֶוען אִיהר זָאלְט

נור וויסען וויפיעל ליעבע עס ליעגט בעהאלטען אין דיעזען פרויענהערץ דאן וואלט איהר דיעזען קאפּ מיט דיאַמאַנטען בעזעצט, און זי געקרעהנט צום מוסטער פון דעם פרויענגעשלעכט! אַרנאָלד ליליענטהאל קען שטאלצירען מיט דער ליעבע פון דיעזער פרוי!

**ארנאלד:** מיין גאָט! וואס געהט דא פאָר?

**ראזא:** איהר הערר ליליענטהאל, איהר האָט געוואוסט דאס אייער זוהן ליעבט און ליידעט, אָבער די אומשטענדע האָבען אייך געצוואונגען אייער זוהן צו אימפּאָנירען מיט מיר אָדער מיט מיינעם געלד זיך צו פערלאָבען, ער איז אָבער צו עדעל און האָט נישט געקענט קיין דאפּעלראָלע שפּיעלען! וואס מיך אַנבעטרעפט? איך פערציכטע אויף די רעכטע וועלכע דער פאטער האָט מיר געגעבען, דען אויף דעם זוהן איין רעכט האָט זי נור אַליין, זי איז זיין געזעצליכע פרוי.

(פיהרט חנה'לע צו צו ארנאלד).

**ליליענטהאל:** אָבער איך פערזיכערע אייך מיינע פריינדע דאס מיין זוהן האָט דיעזע פרוי קיינמאָל נישט געהייראַטעט.

(אויפטריט לעווענזאהן).

**לעווענזאהן:** מיט צוויי פּאפּיערע דא האָט איהר די פּאפּיערע פון דעם געריכט און אָט איז די כתובה פון דעם רב, איין עהרליכע פרוי, מר. ליליענטהאל האָט זיך געלאָזט שימפּפען, ניין יאהר געליטען און געשוויגען, האָט שוין אַמאָל גאָט אין הערצען און לאָזט שוין זיין געווען.

**ליליענטהאל:** דאס האָב איך נישט געוואוסט, חנה'לע! דיין פאטער שטעהט בעשעהמט און ערניעדריגט געגען דיין טוגענד, מיין קינד פערצייהע מיר.

**דבורה:** זים קינד, טהייערע מאַמע! (קושט זי).

**ראזא:** חנה'לע די נעהערין! די געזעלשאפט נעמט אייך מיט פריידע אויף אין איהרע מיטע, און איך וועל מיך שטאלץ און גליקליך פיהלען פון נון אן איהר שוועסטער צו זיין.

**טשאלי:** הורראַ! עס לעבע חנה'לע די נעהערין, הורא הורא! (פּאָזיציאָן).

**פ א ר ה א נ ג.**



| | K | h |
|---|---|---|
| בחורים, איין אַקטער, פון קאַצענעלזאָהן | — | 45 |
| גאָטט פון נקמה, ש. אַש | — | 90 |
| געבראָכענע הערצער, ז. ליבין | — | 70 |
| גליק'ס פערגעכענע, פינסקי | — | 30 |
| ד"ר אַלמאָסאַדאָ גאלדפאדען | — | 60 |
| דעקאַדענט איין-אַקטער, פון קאַצענעלזאָהן | — | 45 |
| דאָרא, שליפערשטיין | — | 60 |
| דוד אין דער וויסטע, עפעלבערג | — | 60 |
| דאס ברענענדע הויז | — | 70 |
| די גייסטער, איבסען | — | 90 |
| די פרוי פון ים „ | 1 | — |
| דער דאָקטאָר, שלום עליכם | — | 30 |
| די יודען טשירקאוו | — | 80 |
| די וועבער, הויפטמאן | — | 80 |
| דער שדכן, עפעלבערג | — | 30 |
| די עגונה, לערנער | — | 70 |
| דער הונגער, יושקעוויטש | — | 70 |
| די מוטער, שטיינבערג | — | 70 |
| דער גט, שלום עליכם | — | 30 |
| הערצאלע מיוחס, ריכטער | — | 60 |
| הדסה די חלוצה | — | 70 |
| ווילנער בעל הבית'ל ארנשטיין | 1 | 20 |
| זשידאָווקא, לערנער | — | 60 |
| זשאן און מאנדלענא, מירבא | — | 70 |
| חפני ופנחס, שארקאווסקי | — | 70 |
| **טאטע מאמעס צרות** פון געבעל | — | 50 |

| | K | h |
|---|---|---|
| ישיבה בחור, גארדאן | — | 70 |
| יודישע אקטערין איף רייזע | — | 45 |
| כישוף-מאכערין, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| כל נדרי, שארקאנסקי | — | 70 |
| לא תחמוד, גאלדפאַדען | — | 60 |
| לעצטע השמונאים וואהלמאן | — | 70 |
| **מאטי מלך דער סטאליער** דראַמאַ פון קאָרנבליט | — | 70 |
| משיח'ס צייטען, ש. אַש | — | 90 |
| משה חיט, ריכטער | — | 60 |
| מזל טוב, שלום עליכם | — | 30 |
| משיח'ס צייטען, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| נאבן שטרייק, טשורני | — | 45 |
| עקידת יצחק גאָלדפאַדען | — | 60 |
| עתליהו, הארוויטץ | — | 50 |
| עוריה גבור חיל | — | 70 |
| פאמיליע צבי, פינסקי | — | 40 |
| צוזעעט און צושפרייט, שלום עליכם | — | 80 |
| צווייטער המן, שמ"ר | — | 70 |
| קאָקעטטע דאמען, שמ"ר | — | 60 |
| קעניג אחשורוש גאָלדפאַדען | — | 60 |
| קעניג הורדוס, לאנדוי | — | 70 |
| קבצנזאָהן עט הונגערמאנן | — | 60 |
| קוני לעמעל, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| רעפעטוציע, רייזען | — | 20 |
| שולמית, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| שלום בית, ריכטער | — | 60 |
| שמענדריק, גאָלדפאַדען | — | 40 |
| שמע ישראל, דימאוו | — | 70 |
| שבת קודש, פיינמאן | — | 70 |
| שטן אין גן עדן | — | 70 |